


א. פלאַטנער

# צווישן קינדער

אײַזיק פלאטנער

# צווישנ קינדער

(דערציילונגענ פונעמ לעבנ פונ די ארבעטער־קינדער
אינ אמעריקע)

מעלוכע־פארלאג פונ ווײַסרוסלאנד
מינסק—1938

# אינהאלט




רעדאקטאָר—צ י ר ל י נ  טעכרעדאקטאָר—י. ק א ר פ י נ אָ ו י ט ש

ליטקאָרעקטור—ק א ר א ס י ק

אָפּגעגעבנ אינ דרוק 9/IV—38 י. אונטערגעשריבנ צומ דרוק 1/VII—38 י.
צאָל דרוק-בויגנ $1^7/_8$. פאפיר $108^1/_{32}$×70. צאָל-צייכנס אינ א דרוק-בויגנ 52.000.
טיראזש 2.000 עקז. באשטעלונג № 3376. באפולמ. פונ גלאווליט № 4307
פאראנטוואָרטלעכער קאָרעקטאָר פונ דרוקעריי—ק א ר א ס י ק.

דרוקעריי א. נ. סטאלינ, מינסק.

# דערקלערונגען:

אין דעם ביכל זײַנען אין אײניקע דערצײלונגען דערמאָנט צװײערלײ שולן: די „ארבעטער־שול" און די „פֿאָלק־שול".

די פֿאָלק־שול, אָדער װי זי הײסט אף ענגליש — „פּאַבליק־סקול" איז די אָבליגאַטאָרישע רעגירונג־שול, דאָרט לערנען די קינדער ביז האלבן טאָג. די לימודים אין דער שול זײַנען נאָר אף דער ענגלישער שפּראך.

די ארבעטער־שול איז א שול, װאָס װערט אױסגעהאלטן דורך די עלטערן און פֿון די ארבעטער־אָרגאניזאציעס אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער קאָמוניסטישער פּארטײ אין אמעריקע. אין דער ארבעטער־שול קומען די קינדער לערנען נאָך מיטיק, נאָך די לימודים אין דער פֿאָלק־שול.

די לימודים אין דער ארבעטער־שול זײַנען אף די שפּראכן פֿון די נאציאָנאלע מינדערהײטן אין אמעריקע: ייִדישע, רוסישע א. א.

אין דער דערצײלונג „אן אײנפֿאל" זײַנען דערמאָנט צװײ צײַטונגען: „מאָרגן־פֿרײַהײט" און „פֿאָרװערטס". די „מאָרגן־פֿרײַהײט" איז א קאָמוניסטישע צײַטונג אף ייִדיש, דער „פֿאָרװערטס" — א ייִדישע פֿאשיסטישע אנטיסאָװעטישע צײַטונג.

א. פּ.

# לעֵנינס פּאָרטרעֵט

אינ דער וויַיסער, פראָסטיקער נאכט האָבנ פארגליווערט געסטארטשעט צום הימל די שפיצנ פונ די הונדערט־שטאָקיקע מויערנ. פונ וויַיטנ האָט אָפּגעהילכט דער ראש פונעמ אייביק ניט איַינגעשטילטנ ניו־יאָרק. דער ראש האָט דערמאָנט אָנ זומערדיקע וויַיטע דונערנ, די עלעקטרישע פונקענ, וואָס האָבנ זיכ געריסנ איבער די אומענדלעכ־צעוואָרפענע דעכער—אָנ בליצנ, נאָר דאָס איז געווענ ווינטער, אינ דער נאכט פונ צוואנציקסטנ יאנוואר.

פיר פּיאָנערנ זיַינענ רויִק געגאנגענ צו דער פאָלק־שול, די קעפלעכ איַינגעטוליעט אינ די אופגעשטעלטע קעלנערלעכ פונ די ווינטערדיקע מאנטלענ. זיי זיַינענ געגאנגענ פּאָרוויַיז, נאָר אלע וויַילע האָבנ זיי זיכ דערנעענטערט איינער צום צווייטנ, עפּעס איַינגערוימט אינ די אויערנ, אונ ווידער זיכ אָפּגערוקט.

אפ א ראָג פונ א שטילער גאס האָבנ זיי זיכ פארקערט הינטער א פלויט אונ זיכ צוגעשארט צו א טויער. קיינער איז דערביַי ניט געווענ, די פיר כאווירימ זיַינענ אריַינ אינ טויער.

א גרויסער הויפ. די געביַידע פונ דער פאָלק־שול שטייט א שטומע, אלע פענצטער זיַינענ אויסגעלאָשנ, ס'איז פינצטער, נאָר דער וויַיסער שניי ווארפט א מאטנ אָפּשיַינ, אונ באליַיכט א וואנט מיט א לייטער. די פּיאָנערנ ריידנ ניט צווישנ זיכ, אלצ איז שוינ אויסגעפּלאנירט פונ פריִער: צוויי דארפנ ארופקריכנ דורכנ לייטער אפנ דאכ (די דעכער פונ די אמעריקאנער היַיזער זיַינענ פלאכע, א הויז זעט אויס, ווי א גרויסער קאסטנ), זיי

דארפֿן צוקריכן אײַנגעבויגענע־הייט אונטערן קארניז, ביז דער פֿאראדנער זײַט פֿונעם מויער און אקוראט איבערן ארײַנגאנג אין פֿאָלק־שול אופֿהענגען עס. די אנדערע צוויי דארפֿן שטיין אונטן, און טאָמער פּאסירט עפּעס, עמעצער קומט אָן, דארפֿן זיי זיך קלוימערשט נעמען שלאָגן, שרײַען און פֿײַפֿן, ביז יענע, אויבן, וועלן זיך דערווײַל באהאלטן.

— קריכט — זאָגן די, וואָס דארפֿן בלײַבן אונטן.

— איר זאָלט גוט אכטונג געבן — זאָגן די, וואָס דארפֿן ארויפֿקריכן אויבן. — איר זאָלט זיך גוט צוהערן — זאָגן די, וואָס דארפֿן בלײַבן אונטן. צוויי נעמען קלעטערן איבערן לייטער, אינעם מאטן שײַן פֿון ווײַסן שניי, זעט עס אויס, ווי שאָטנס באוועגן זיך אפֿן וואנט. אָט זײַנען זיי שוין באם ברעג, אָט שטעלן זיי אריבער די פֿיס איבערן קארניז, עס גיבן א לעצטן שווינדל זייערע שאָטנס און זיי פֿארשווינדן.

די צוויי, וואָס שטייען אונטן, זײַנען אומרויִק, זיי איז שווערער, זיי האָבן נאָר איין זאך צו טאָן — אכטונג געבן. זיי פֿליִען ארום מיט די בליקן אין אלע זײַטן, זיי שטעכן דורך די פֿינצטערניש, פּאר א מײַל ווײַטער וואָלטן זיי איצט דערזען די מינדסטע באוועגונג. ארום איז שטיל, נאָר דער ווײַטער גערויש פֿון ניו־יאָרק ד׳ערטראָגט זיך דומפּ און שווער.

אופֿהענגען דעם פּאָרטרעט און אויסמאָלן אן אופֿשריפֿט, דארף ניט דויערן לאנג. דער פּאָרטרעט איז נאָך פֿון פֿריִער אָנגעשמירט מיט א ספּעציִעלן קליי. ער איז אופֿגעוויקלט אף צוויי קײַלעכיקע, גלאטע שטעקעלעך. זיי, אויבן, דארפֿן זיך נאָר אריבערבויגן איבערן קארניז, צולייגן דעם פּאָרטרעט צום וואנט, אופֿוויקלען די שטעקעלעך און פּארטיק. דעם אופֿשריפֿט אויסמאָלן איז אויך לײַכט, א פֿארטיקער פֿאָרם מיט אויסגעשניצטע בוכשטאבן — „וולאדימיר איליטש לענין, געבאָרן אין 1870, געשטאָרבן אין 1924“. און דערנאָך א לאָזונג — „לענינס גײַסט וועט אייביק לעבן!“ מע דארף בלויז צולייגן דעם פֿאָרם צום וואנט, א שמיר

טאָג איבער אים מיט א פענדזל רויטן פארב, און קיינער וועט עס שוין ניט קאָנען אָפּמעקן. דאָס אַלץ דארף דויערן ניט לאנג, נאָר די איינציקע מינוטן ציִען זיך, ווי שאָען.

— ווו זייַנען זיי?

— מע זעט זיי נאָך ניט.

אזוי ריידן שטילינקערהייט די צוויי, וואָס שטייען אונטן.

— עפּשער...—זאָגט איינער מיט א באַהאַלטענער שרעק.

— גיי שוין, גיי—זאָגט דער צווייטער—ס'דויערט א ווײַלע ביז מע געפינט דעם ריכטיקן פּלאץ.

— אָט זע איך עפּעס, שווייַג, ווארט.

פון איבערן קארניז ווייַזן זיך ארויס צוויי קעפּלעך, נאָכדעם רוקן זיך ארויס הענט וואָס האַלטן עפּעס. איינער, אויבן, מאכט א צייכן, דאָס פרעגט ער צי ס'איז פונקט איבערן ארייַנגאנג. די, וואָס שטייען אונטן, מאכן מיט די הענט א ביסעלע אפ רעכטס, דערנאָך א ביסעלע אפ לינקס, דערנאָך ווייַזן זיי מיט די הענט אהין און אהער, ס'א סימען אפ אויסגלייַכן דעם פּאָר־טרעט, און ענדלעך א צייכן, אז ס'איז גוט, גלייַך, פונקט.

די צוויי, אויבן, גלעטן צו דעם פּאָרטרעט, עס זאָל קיין קנייטשעלע ניט בלייַבן, דערנאָך לייגט איינער פון זיי צו דעם פּאָרם צום וואנט, דער צווייטער גיט א שמיר מיטן פּענדזל א פּאָר מאָל אהין און צוריק, און דער אופשריפט איז שוין אויך אויסגעמאָלט. די הענט פארשווינדן, דערנאָך די קעפּלעך, עס דויערט א ווייַלע און איבערן לייטער גליטשן זיך ווידער צוויי שאָטנס.

אלע פיר שטייען שוין צוזאמען אונטן, און כאָטש מע דארף זיך איילן, אוועקגיין, אז קיינער זאָל ניט באמערקן, קאָנען זיך די כאווײרים דאָך ניט איינהאלטן, זיי מוזן א קוק טאָן, ווי עס זעט אויס.

עס זעט אויס גרויסארטיק! פון דער טונקעלער וואנט שייַנט אראָפּ דער ליכטיקער פּאָרטרעט פון לענינען, עס זעען זיך קלאָר

זײַנע קלוגע אויגן, דער שמײכל ארום די ליפּן, מע קאָן אפילע איבערלײענען דעם אופשריפט: װלאַדימיר איליטש לעניג.

שטיל שארן זיך די פיר ארויס פונעם טויער, רוקן זיך באַם פּלויט, טײלן זיך אָפּ פון אים, און נעמען שפּאַצירן אפּן טראָטואר, פּונקט, װי עס װאָלט גאָרנישט ניט געשען.

א װײַסע, פּראַקטיקע נאכט; װען ניט דער װײַטער גערויש, װאָלט גאָר שטיל געװען, נאָר אזוי דאכט זיך, אז עס דונערט, ערגעץ קלײַבט זיך א שטורעם, פון איבער די װײַט-צעװאָרפענע דעכער רײַסן זיך בליצן.

---

אינדערפרי, בײַס די קינדער האָבן זיך גענומען קלײַבן אפּן גרויסן הויף פון דער פאָלק-שול, האָבן אלע דערזען לענינס פּאָרטרעט. ס'איז געװען אן איבערראַשונג! קײנער איז ניט ארײַן אין זײַן קלאַס. קײן לערער האָט מען נאָך ניט געזען, עפּשער דערפאר, װײַל ס'איז קאלט, און עפּשער האָבן זײ עס ניט באַמערקט. מע האָט זיך אָבער געקאָנט ריכטן, אז באלד װעלן זײ באמערקן און ס'װעט זיך אָנהײבן א טומל.

דער הויף פון שול איז דערװײַל געװאָרן אלץ געדיכטער מיט קינדער, עס האָבן זיך געלאָזט הערן פארשײדענע אויסרופן:

— בראװאָ! גוט געמאכט!

— אָבער װער האָט עס געקאָנט טאָן?

— װאָס װעט עס פאָרקומען?

די פּיאָנערן האָבן אלעמען געגעבן דערקלערונגען, אלע קינדער האָבן געלײענט, אלע קינדער האָבן געקוקט און ניט געקאָנט זיך זאט אָנקוקן, ס'איז געװען א װוּנדערלעכער פריי-מאָרגן.

די ערשטע האָט זיך באװיזן מיס קעטרין—אן עלטערע, קורצע לערערן, מיט א לאַנגן האלדז, װאָס מאכט זי ענלעך אפּ א גאַנער. די מיס קעטרין גײט אלעמאָל אָנגעטאָן אין א קלײד

מיט א גרויסן אויסשניט, איבערן דעקאָלטע הענגט בא איר א מעדאַליאָנטשיקל אפ א קייטעלע, בײַם זי רעדט, באַוועגט זי מיטן האַלדז און דאָס מעדאַליאָנטשיקל באָמבלט זיך.

מיס קעטרינ האָט זייער פײַנט די פּיאָנערן; זי איז אַן אַלטע גווירישע־דערצויגענע אַמעריקאַנערן, מיט מאַנירן. זי האָט ליב, אַז די קינדער פאַרנויגן זיך פאַר איר, מאַכן עלעגאַנטע קניקסן — „גוט מאָרגן, מיס קעטרינ"; דעמלט באַווײַזט זיך א נאַריש שמייכעלע אפ איר אָנגעשמירט און אָנגעפּודערט פּאָנעם.

ווען מיס קעטרינ האָט דערזען וואָס דאָ האָט פּאַסירט, האָט זי זיך אָזש געכומען טרייסלען פון אופרעגונג, זי האָט ניט געוווּסט אין דער ערשטער רגע וואָס צו טאָן, איז זי אומגעלאָפן, ווי א גאַנער, צווישן די קינדער, געפּאָכעט מיט די לאַנגע הענט און געשריגן — וואָס איז דער מער, וואָס איז דער מער?! די קינדער זײַנען געווען אַזוי אופגעלייגט און צופרידן, אַז זיי האָבן אָזש פאַרגעסן אָן דער לערערן, מיט וועלכער זיי וועלן זיך באַלד דאַרפן באַגעגענען אין קלאַס, און ס'וועט אַוואַדע ניט זײַן פרייליך.

מיס קעטרינ איז פון גרויס האַרצווייטעק אַרײַנגעלאָפן אין שול. דאָרט איז זי אומגעפלויגן פון איין לערער צום צווייטן, ענדלעך איז זי אַרײַן צום דירעקטאָר און איבערגעגעבן וואָס ס'האָט פּאַסירט.

אפן הויף האָט זיך באַוויזן דער דירעקטאָר, ער האָט בײַז א קוק געטאָן אפ לענינס פּאָרטרעט, וואָס איז שטאָלץ געהאַנגען סאַמע איבערן אַרײַנגאַנג, דערנאָך האָט ער מיט קאַס א קוק געטאָן אפ די צופרידענע קינדער און אויסגעשריגן:

— אכטונג! אַלע קינדער גייען אין זייערע קלאַסן, קיינער זאָל זיך ניט דערוועגן אוועקגיין אָן מײַן וויסן! מאַרש!

דער גלאָק האָט בײַז געקלונגען, דער הויף איז געבליבן ליידיק!

א גאנצן טאָג האָט געדויערט די אויספאָרשונג — „ווער האָט אופגעהאנגען דאָס בילד? ווער האָט געזען? ווער ווייסט עפּעס?" קיינער האָט ניט געוווּסט פון וואָס צו זאָגן.

דער דירעקטאָר האָט געדראָט אויסשליסן אלע פּיאָנערן פון שול, ער האָט זיך געקאָכט, געשריִען, געקלאפּט אין טיש, ער איז [illegible]יר פון זינען ניט אראָפּ. מיס קעטרין האָט אים צוגעהאָלפן, זי אי[illegible]ייער געווען אין קאס — קיין איין לייטישן קניקס, קיין איין פארנויג ווי ס'באדארף צו זיין, האָט איר היינט קיינער ניט געמאכט. איר לאנגער האלדז האָט זיך געשאָקלט, דאָס מעדאליאָנטשיקל האָט זיך צוגעבאָמבלט.

די קינדער זיינען געשטאנען שטיל, קיינער האָט בעעמעס ניט געוווּסט פון וואָס צו זאָגן. געוווּסט האָבן בלויז די פיר פּיאָנערן, וואָס האָבן אופגעהאנגען דעם פּאָרטרעט נעכטן באנאכט. אף זייערע פּנעמער האָט געשוועבט א זיגעריש שמייכעלע, נאָר דערפון האָט מען גאָרנישט ניט געקאָנט פארשטיין.

די שול־דירעקציע איז גאָרנישט ניט דערגאנגען. א גאנצן טאָג איז געהאנגען איבערן אריינגאנג פון שול לענינס פּאָרטרעט מיטן אופשריפט: „לענינס גייסט וועט אייביק לעבן". אלע קינדער האָבן עס געזען, אלע קינדער האָבן עס געלייענט, זיי זיינען געווען צופרידן, זיי וועלן עס אלעמאָל געדענקען.

# א טעמע

אלע קינדער האָבן געהאלטן, אז לענארד וועט זײַן א קינסט־לער. ער האָט געקענט מאָלן. געוועזן אין דער ארבעטער־שול א מיידל — פערל, וואָס פלעגט ריידן מיט די הענט, גיך און אסאך. לענארד האָט זי אָנגעמאָלט אין געשטאלט פון א ווינט־מיל: די הענט — פיר פליגלען און פון מויל ציִען זיך סטענגעס רייד. פערל האָט זיך אפילו באליידיקט, נאָר קעדיי ניט ארויס־ווײַזן עס פאר די כאווײרים האָט זי גלײַך מיט אלעמען גע־לאכט.

לענארדס פאָטער — א פאסאָנען־מאכער אין א געשעפט פון דאמען־מאנטלען האָט געטראכט וואָס צו טאָן מיטן יִינגל. האיאָר ענדיקט ער די שול, זאָל ער נעמען שטודירן פאר אן אינזשע־ניער, אָדער פאר א דאָקטער. צו ביידע זאכן דארף מען אסאך געלט, און סײַ אינזשענירן, סײַ דאָקטוירים גייען ארום ליי־דיק.

לענארד אליין האָט גאָר געוואָלט ווערן א שרײַבער, נאָר אים ד'אכט זיך אלעמאָל, אז די טעמע טויג ניט.

די בעסטע שאָען אין קלאס זײַנען, ווען מע לייענט ליטע־ראטור. מע האָט אקוראט פארענדיקט לייענען א סאָוועטיש בוך — „טאשקענט די ברויט־שטאָט", א געשיכטע פון דער צײַט פון בירגער־קריג. דאָס בוך האָט איבערגעלאָזט א גוואל־דיקן אײַנדרוק אף די קינדער. די מיידלעך זײַנען אהיים געגאנ־גען קימאט מיט פײַכטע אויגן.

— אז מע שרײַבט אַן אזא בוך איז מען שוין א שרײַבער, — האָט לענארד געטראַכט. — ווען ער געפינט א גוטע טעמע, וואָלט ער אויך אָנגעשריבן א בוך, ווינציקסטנס א קליינע דערציילונג.

נאָכן לערנען דרייט זיך לענארד ארויס פון גיין אהיים צוזאמען מיט די קינדער. ער ווארט אפן לערער, קעדיי מיט אים שמועסן.

לענארד איז אַלט 14 יאָר; א יינגל מיט א פרייליכן פּאָנעם, מיט א שטענדיקן שמייכעלע ארום די ליפּן.

— כאַווער ווײַס, — זאָגט ער צום לערער, — מײַן טאַטע וויל, איך זאָל ווערן א דאָקטער אָדער א אינזשעניער און איך וויל ווערן א שרײַבער.

— מע קען זײַן א דאָקטער אָדער א אינזשעניער און אין דער זעלבער צײַט א שרײַבער. פארקערט, איינס העלפט נאָך אונטער דאָס אנדערע.

— ווי מיינט איר, כאַווער ווײַס, איך וועל קענען זײַן א שרײַבער?

— דו האָסט פייִקייטן צום שרײַבן, נאָר א שרײַבער ווערט מען ניט אין איין נאַכט. עס דויערט. פּרוּוו. שרײַב.

— איך וויל אײַך דערציילן א טעמע פאר א דערציילונג. זאָגט מיר צי ס'איז גוט.

— נו, דערצייל.

— „קיין ניו־יאָרק איז געקומען א מענטש פון אן אנדער שטאָט זוכן ארבעט. קיין פריינט און באקאנטע האָט ער ניט געהאט. ער איז ארומגעגאנגען א גאנצן טאָג און געזוכט ארבעט, געזוכט און ניט געפונען. ס'איז אים געווען זייער טרויעריק אפן הארצן. ס'איז אקוראט געווען זומער. ער איז ארײַן אין א ביבליאָטעק און געבעטן א בוך; זיצט אזוי דער מענטש און בלעטערט דעם בוך, אפן הארצן איז אים ביטער. אומבאקאנטע מענטשן קומען ארײַן, גייען ארויס, דערווײַל דערזעט

ער, אז אפּ א לײדיק זײַטל באַם סאָף בוך איז עפּעס אָנגעשריבן. ער האָט עס גענומען לײענען: „איך בין א מענטש פון א פרעמדער שטאָט. כ'בין געקומען אהער זוכן ארבעט, קײן אר־בעט האָב איך ניט געפונען, קײן פרײַנט און באקאנטע האָב איך ניט, מיר איז אזוי ביטער און שווער אפן הארצן; וואָלט איך כאָטש געהאט פאר וועמען עס צו דערצײלן, פאר וועמען זיך אויסצורײדן. איך זוך א פרײַנט און א כאַווער. איך געפין זיך אפּ דער און דער גאס, אזא און אזא נומער.

אונטערשריפט".

דער מענטש האָט עס איבערגעלײענט, — מאָדנע, — האָט ער געטראכט — ווי ענלעך יענעמס מענטשנס לאגע איז צו מײַנער. און ער האָט באשלאָסן גײן אופזוכן דעם פרעמדן מענטשן, וואָס האָט געמאכט דעם אופשריפט אפן בוך.

ער איז אוועק לויט דעם אָנגעוויזענעם אדרעס, האָט אָנגע־קלונגען, א ווײַלע געוואַרט און ווען די טיר האָט זיך געעפנט, האָט ער דערזען אן אלטן גראָען מאַן, ער האָט זיך געפרעגט צי דאָ ווױנט דער און דער. דער אלטער האָט אים געענטפערט: יאָ, דאָס בין איך.

שפּעטער האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דעם אופשריפט אפן בוך האָט דער מענטש געמאכט מיט 25 יאָר צוריק".

— אינטערעסאנט.

— איך ווײס אָבער ניט, וויאַזוי צו פארענדיקן.

— וועסט לערנען מער געשיכטע, וועסט מער קענען דאָס לעבן, וועסטו וויסן.

לענארד איז אוועק אהײם אן אופגעמונטערטער פון דער אי־דײע צו ווערן א שרײַבער.

---

ס'האָבן זיך דערנענטערט די קאניקולן. נאָך א וואָכן צוויי און לענארד וועט ענדיקן די שול. צו זײַן טאטנס שטענדיקער זאָרג, וואָס זײַן זון זאָל נעמען שטודירן, איז צוגעקומען א נײַע

זאָרג, אַנ ערגערע: לענאַרדס טאַטע איז געבליבנ אַרבעטלאָז. קריגנ אַ נײַע שטעלע איז געווענ אומעגלעך, טויזנטער אַרבעטער אונ מײַסטערס זײַנענ שוינ אַרומגעגאַנגענ אָנ אַרבעט די לעצטע אַנדערהאַלבנ יאָר.

לענאַרדנ האָט דער טאַטע געטרייסט — זאָרג ניט. אַפ דער צײַט פונ די קאַניקולנ וועל איכ דיכ אַוועקשיקנ צו מײַנע קרויווים אינ באָפאַלאָ, וועסט קומענ צוריק וועל איכ שוינ אַרבעטנ אונ די וועסט אַוועק לערנענ אינ אַ העכערער שול. ווער, ווער, נאָר דײַנ טאַטע, דאַרפסטו וויסנ זײַנ, איז אַ פאַסאָנענ־מאַכער.

לענאַרד איז אַוועקגעפאָרנ, געקומענ צוריק, אונ זײַנ טאַטע האָט נאָכ אַלץ ניט געאַרבעט. ער האָט אויסגעזענ, דער טאַטע, שוואַרצ ווי די ערד. די מאַמע, וואָס איז אַמאָל געווענ אַ שפּי־טאָל־שוועסטער, איז איצט געוואָרנ די איינציקע פאַרדינערנ. זי האָט ערגעצ געקראָגנ אַ שטעלע מיט זייער אַ קליינעמ גע־האַלט.

לענאַרד האָט ניט געקענט אַריבערטראָגנ די נויט אינ שטוב אונ ער איז שטילערהייט, דער טאַטע זאָל ניט וויסנ, אַוועק זוכנ אַרבעט. ער האָט געפונענ אַנ אַרבעט אינ אַ רעסטאָראַנ — אַ געהילפ אַפ וואַשנ געפעס, 6 שאָ אַ טאָג.

דער רעסטאָראַנ האָט זיכ געפונענ אַפ איינער פונ די גאַסנ אַרומ „יוניאָנ־סקוועער". נעבנ דער קיכ פונ רעסטאָראַנ האָט זיכ געפונענ אַ קליינ צימערל פאַר די געפעס־וועשער. 6 שאָ אַ טאָג איז לענאַרד געשטאַנענ אינעמ קליינ צימערל אונ געוואַשנ גע־פעס. ס׳איז אימ געווענ ביטער אַפנ האַרצנ, ער האָט זיכ דער־מאָנט אָנ זײַנ לערער, מיט וועמענ ער פלעגט ריידנ, ווי מיט אַ כאַווער, וועגנ ליטעראַטור.

בייסנ וואַשנ דאָס געפעס פלעגט לענאַרד אַרויסקוקנ דורכ דער שויבנ־טיר אינ גאַס אַרײַנ, אינ אַ פרײַער מינוט פלעגט ער זיכ שטעלנ אינ טיר אונ קוקנ אַפ „יוניאָנ־סקוועער", אַפנ געלאָפ פונ די אויטאָמאָבילנ אונ מענטשנ.

ס׳איז געווען אין די ערשטע טעג פון דעקאבער כוידעש. א שניי האָט געשאָטן; דער שניי האָט ניט באַוויזן זיך אָוועקלייגן אַף די טראָטואַרן, ווי ער איז צעטאָפּטשעט געוואָרן פון די טויזנטער טריט פון פאַרבײַגייער, די גאַסן זײַנען געווען נאַס און גרוי, אַרבעטלאָזע און היימלאָזע האָבן זיך אַרומגעדרייט בײַ די רעסטאָראַן־קיכן, געשמעקט דעם רייעך פון שפּײַז און געזוכט צו כאַפּן עפּעס א שטיקל אָפּפאַל.

עס איז אַקוראַט געווען א לײַדיקע מינוט, נאָך האַלבן טאָג, ווען לעאָנאַרד איז געשטאַנען אָנגעטאָן אין עם שמוציקן ווײַסן פאַרטעך און געקוקט אַפן „יוניאָן־סקווער". אַף איינעם פון די ראָגן האָבן זיך מיטאַמאָל געזאַמעלט קלײַבן מענטשן. עס איז אויסגעוואַקסן א טריבונע, א רעדנער האָט געהאַלטן א רעדע. אין איין קורצער ווײַלע זײַנען שוין טויזנטער מענטשן געשטאַנען אַרום און זיך צוגעהערט, לעאָנאַרד האָט געזען, ווי די מענטשן אַפּלאָדירן דעם רעדנער, דער אוילעם איז אַלץ געוואַקסן, זיי האָבן שוין פאַרנומען א שטיק סקווער, נאָר פּלוצלינג איז אָנגעפאָרן מיט אימפּעט א פּאָליציי־אַווטאָמאָביל. די פּאָליסמענער מיט קורצע שטעקנס אין די הענט האָבן זיך דורכגעריסן דורך די פאַרזאַמלטע און גלײַך צום רעדנער. ס׳האָט אויסגעבראָכן א טומל, הענט זײַנען געפלויגן אינדערלופטן, די פּאָליציייִשע שטעקנס זײַנען געפאַלן איבער קעפּ, ס׳האָט אויסגעזען ווי אַן עמעסע שלאַכט. לעאָנאַרד איז געשטאַנען אין טיר פון רעסטאָראַן־קיך און אַזש געציטערט פון אויפרעגונג. דאָרט זײַנען אַרבעטלאָזע, דאָרט איז עפּשער אויך זײַן טאַטע. די פּאָליסמענער האָבן זיך געריסן צו דער טריבונע, וווּ דער רעדנער האָט נאָך אַלץ גערעדט. א האַנט פון א פּאָליסמען האָט אָנגעכאַפּט דעם רעדנער און אים א שלעפּ געטאָן. לעאָנאַרדן האָט זיך פון ווײַטן אויסגעוויזן, אַז דאָס איז א באַקאַנטער. ער האָט שוין ניט געקענט אָפּטרעטן פונעם אָרט.

דער עלטערער געפעס־וואַשער, אויך א געוועזענער אַרבעט־

לאָזער, וואָס האָט קיין ארבעט ניט געקענט געפינען בא זיין פאַך, האָט באמערקט לענארדס צעטראָגנקייט. ער איז צו צום טיר, געפרעגט באם ייִנגל, וואָס האָט פּאסירט. לענארד האָט אים קוים געקענט ענטפערן. ערשט איצט האָט ער שוין דערטעך געזען—דאָרט איז געווען דער לערער פון דער ארבעטער־שול. דער לערער האָט זיך ארויסגעריסן פונעם פּאָליסמענס הענט, ביים יענער האָט אים שיר דערלאנגט א זעץ איבערן קאָפּ און גענומען לויפן צווישן דעם עולם, די פּאָליציי נאָך אים, דער לערער האָט זיך קונציק געדרייט צווישן די לויפנדיקע אוטאָמאָבילן, איז אַרויף אפן טראָטואר און געלאָזט זיך גלייך אין דער ריכטונג פון דער רעסטאָראַן־קיך. לענארד האָט קוים געקענט איינשטיין אפן אָרט, ער האָט גענומען ווינקען און רופן מיט די הענט. דער עלטערער געפעס־וואשער האָט אים אָפּגעשטופּט פון טיר:—וואָס טוסטו?! די פּאָליסמענער וועלן באמערקן, וועסטו אים, צוזאמען מיט אונדז, שאַדן אָנטאָן. און אליין איז ער צו א רוקער צום טיר, אקוראט אין דעם מאָמענט, ווען דער לערער איז דורך. ער האָט זיך געגעבן א רוק ארויס מיט א קיילע אין האנט ווי ער וואָלט עפּעס אויסגעגאָסן, אָנגעכאפּט דעם לערער פארן אָרעם, אים אריינגעשטופּט אינעם צימערל, וווּ מע וואשט דאָס געפעס, געפונען אן אלטן פארטעך, געגעבן אים אָנטאָן און אוועקגעשטעלט דעם צעטומלטן לערער בא א וואש־בעקן מיט שמוציקע געפעס.

ווען די פּאָליסמענער זיינען געקומען און געזוכט דעם פארשווּנדענעם רעדנער אין אלע ווינקעלעך, זיינען די דריי מענטשן געשטאנען איבערגעבויגן איבער די וואש־בעקנס און פלייסיק געארבעט.

א צען מינוט איז אריבער אין שוויגעניש. אפן גאס האָט זיך איינגעשטילט דער טומל. לענארדן האָבן נאָך אלץ די הענט געציטערט פון אופרעגונג. דער עלטערער געפעס-וואשער האָט געקוקט אפ זיי ביידן מיט א שמייכל. דער לערער האָט אויס־

געדרייט דעם קאָפּ, א קוק געטאָנ אפּ לענארדנ און ערשט איצט אימ דערקענט.

— לענארד?!

— איכ האָב אײַכ געזוענ פונ ווײַטנ, כאָוועער ווײַס.—לענא

האָט קוימ געקענט ריידנ.

— זיי וואָלטנ מיר זיכער דעם קאָפּ צעשפּאָלטנ און ארעס־טירט.

— א, ווי איכ פריי זיכ.

— אנ אינטערעסאנטע באגעגעניש—האָט דער לערער גע־זאָגט—אָט איז דיר א טעמע פאר א דערציילונג.

# אַ פּאָר שיבעלעך

בערישל איז אַלט געווען אַ יאָר פינף, זעקס. אַ ייִנגעלע מיט אַ פארעלטערט פּנעמל, ווי בא אַ זאָקן. אפילע די האָר אף זײַן קאָפּ האָבן דערמאָנט עלטער־שיטערע, אָפּגעבליאַקעוועטע הערעלעך.

זײַנע אַן עלטערע שוועסטערל און אַ ברודערל האָבן געלערנט אין דער אַרבעטער־שול. יעדן טאָג פלעגן זיי אים נעמען מיט זיך, אוועקזעצן אין אַ ווינקל, און אַזוי פלעגט ער זיצן ביז סאַמע נאַכט. באַנאַכט פלעגט דער פאָטער, גייענדיק פון דער אַרבעט, צונעמען די קינדער אַהיים.

דער פאָטער, אַ מענטש פון נידעריקן וווּקס, האָט געטראָגן בערישלען אַפן האַנט, דעם קינדס פּיסלעך פאַרדעקט אונטער זײַן מאַנטל, די צוויי עלטערע קינדער זײַנען נאָכגעגאַנגען בא די זײַטן. איבער דעם אָרעמען, טונקעלען קוואַרטאַל פון דער שטאָט פּעטערסאָן, ווו עס האָט זיך געפונען דער פּראָלעטאַרישער צענטער, האָט זיך נאַכט־אײַן נאַכט־אויס, דורך פראָסט און שניי, דורך רעגן און ווינט, געצויגן אַ קליינע טרויעריקע פּראָצעסיע: דאָס איז אַ פאַמיליע פון אַ זײַד־וועבער געגאַנגען אַהיים אין דער אָרעמער, קאַלטער דירע.

דער טאַטע פלעגט מאַכן וועטשערע—דעם איינציקן מאָלצײַט אין טאָג. דער טאַטע, נאָכן טאָג שווערער אַרבעט, פלעגט באַזאָרגן דער קראַנקער מאַמען, אָנקאָרמענען די קינדער און לייגן זיי שלאָפן.

בערישלס מאמע איז געווען פאראליזירט שוין א פּאָר יאָר. זי איז געלעגן אין שטוב. ווען זי איז געזונט געווען האָט זי אויך געוועבט זייַד, נאָר אין שטוב איז דאן געווען פריילעכער: באַנאַכט האָט זי געצערטלט די קליינע קינדער, אָנגעקאָרמעט זיי. ס'איז געווען וואַרעם און ליכטיק, מע איז אַמאָל געגאַנגען אין קינאָ, איינמאָל איז מען אַפילו געפאָרן קיין ניו־יאָרק. איצט, זינט די מאמע איז פּאַראַליזירט, איז אין שטוב קאַלט און טרויעריק. אַז די עלטערע קינדער גייען אַוועק אין פּאָלק־שול בלייַבט בערישל גאַנצע טעג איינער אַליין, ער קוקט אַרויס דורכן פאַרפראָרענעם פענצטער, און זעט מער ניט די קאַלטע גאַס, אַפילו קיין מענטשן זעט מען ניט; בלויז אַ פּאָר פייגעלעך, איינגעטוליעטע, זעט ער אַמאָל פאַרבייַפליִען.

אַנדערע קינדער קומען אַהיים באַטאָג, נאָך דער פּאָלק־שול, עסן אָפּ מיטאָג און נאָך האַלבן טאָג גייען זיי אין דער אַרבעטער־שול לערנען. בערישלס שוועסטער און ברודער האָבן ניט געהאַט צוליב וואָס אַהיים צו גיין און פון פּאָלק־שול פלעגן זיי גלייַך אַוועק אין דער אַרבעטער־שול, און בלייַבן דאָרט ביז נאַכט.

דער מאמען איז געווען אַ ראַכמאָנעס אָפּן קליינעם ייִנגעלע, זי האָט מער ניט, ווי געקאָנט קוקן אָפּ אים און באַדויערן. איינדערפרי פלעגט זי זיך בעטן בא די עלטערע קינדער: קומט אַהיים באַטאָג און נעמט דאָס קינד מיט זיך, — דער לערער וועט שרייַען, די קינדער וועלן לאַכן— און זיי האָבן אים ניט געוואָלט מיטנעמען.

— אין דער אַרבעטער־שול, זאָגט מען, איז אַ גוטער לערער, ניט אַזאַ ווי דאָרטן אין דער פּאָלק־שול, אָט פּאָלגט מיך, איר וועט זען, ס'איז אַ ראַכמאָנעס אָפּן קינד, גאַנצע טעג אַליין.

בערישל האָט געוויינט און זייער פיל געבעטן, די קינדער האָבן שוין מער ניט געקאָנט בייַשטיין און איינמאָל, ס'איז געווען אַ פראָסט אין דרויסן, האָבן זיי באַשלאָסן מיטצונעמען

בערישלען אין שול אריין. ער האָט אָבער ניט געהאַט קיין שיכלעך; די מאַמע האָט געגעבן אַן אײַצע — מע זאָל אים אָרומוויקלען די פֿיס מיט עפּעס אַ טוך און אָנטאָן אירע אַלטע שיך, וואָס שטייען שוין זייער לאַנג ניט גענוצט.

די קינדער האָבן יענעם טאָג געבראַכט בערישלען אין שול אַרײַן. דער אַרײַנקום זײַערער איז געווען קאָמיש: פֿריִער איז אַרײַן דער עלטערער ברודערל, ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די קינדער, זיך פֿאַרשעמט און שנעל אַוועק זיך זעצן אויף זײַן פּלאַץ. דאָס שוועסטערל, וואָס איז געבליבן שטיין באַם טיר מיט בערישלען אין דער מאַמעס גרויסע שיך, האָט זיך פֿאַרלאָרן דערפֿון, וואָס דער ברודער האָט זי געלאָזן אַליין מיטן קינד, זי איז רויט געוואָרן, געלאָזט שטיין דאָס ייִנגעלע באַם טיר און זיך אויך אַוועקגעזעצט אויף איר פּלאַץ. ס׳האָט זיי שוין, אַפּאָנעם, ביידן פֿאַרדראָסן, לעמײַ זיי האָבן אים מיטגעבראַכט. דאָס פּיצעלע ייִנגעלע, אין די גרויסע שיך, איז געבליבן שטיין איינינקער אַליין באַם טיר און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן: גיין ווײַטער, צי ניט? ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזויפֿיל קינדער פֿאַראַמאָל, דאָס פּנעמל האָט זיך אים אויסגעקרימט צום וויינען.

אַלע קינדער האָבן אויסגעדרייט די קעפּ צום טיר, מע האָט געקאָנט מיינען, אַז באַלד וועט ווערן אַ טומל אין קלאַס און אַ געלעכטער, נאָר קיינער האָט ניט געטומלט און קיינער האָט ניט געלאַכט, אַלע קינדער האָבן געקוקט דאָ אויפֿן לערער, דאָ אויפֿן ייִנגעלע נעבן טיר.

— ווער איז דאָס קינד? — האָט דער לערער געפֿרעגט.

— דאָס איז מײַן ברודערל — האָט בערישלס שוועסטער געענטפֿערט.

— טאָ פֿאַרוואָס האָסטו אים געלאָזט שטיין באַם טיר? קום אַהער, ייִנגעלע — האָט זיך דער לערער געווענדט צו בערישלען.

לויט די פּנעמער פֿון די קינדער אין קלאַס האָט מען גע-

קאָנט באמערקן, אַז אַלע ווייסן וועגן וואָס דאָ האנדלט זיך און, אַז יעדער איינער וואָלט גערן דערציילט וועגן דעם קינד און וועגן זײַן היים.

מע האָט פאר דעם ייִנגעלע געמאכט אַן אָרט אַף איינעם פון די שול־בענקלעך, נאָענט פון אויוון. דער קליינינקער האָט זיך אײַנגעזעצט באקוועם און איז געווען צופרידן.

די קלאסן אין שול האָבן זיך געביטן, די ייִנגערע קינדער זײַנען אוועק אהיים און עלטערע זײַנען געקומען. בערישל איז נאָך־אַלץ געזעסן אַף זײַן פריערדיקן פלאַץ, נעבן ווארעמען אויוון, קיינער האָט אים מיט גאָר ניט באמערקט. זײַן ברודער מיט דער שוועסטער האָבן זיך געשפּילט אין א צווייטן, זײַטיקן צימער; אזוי האָבן זיי געוויינטלעך געטאָן יעדן טאָג, ביז דער טאטע פלעגט קומען באנאכט זיי נעמען אהיים.

פאניע, א מיידל אין ברילן, פון עלטסטן קלאס, האָט בערישלען געפרעגט: עסן ווילסטו? ער האָט געענטפערט — יאָ! פאניע האָט אים געגעבן א שטיקל ברויט מיט פוטער.

בערישל האָט געגעסן. דערנאָך, אז ס'איז אים שווער געוואָרן צו זיצן אַף איין אָרט, און די ערשטע שאָען פון ניט־היימיש־קײַט זײַנען אריבער, איז ער פאמעלעכקע אראָפּגעקראָכן פונעם בענקל און אוועק צו דער שוועסטער מיטן ברודער. ער איז דורכגעגאנגען דעם קלאס־צימער, די גרויסע שיך האָבן גע־פאטשט איבערן דיל. א ביסל שפּעטער איז ער צוריקגעקומען און זיך געזעצט אַף זײַן פריערדיקן פלאַץ.

בערישל איז אַף אזא אופן געוואָרן א שטענדיקער באזוכער פון שול. יעדן טאָג האָבן אים די שוועסטער מיטן ברודער מיטגענומען מיט זיך, א גאנצן טאָג איז ער געזעסן אין שול, נעבן אויוון, צוגעהערט זיך צו די ניט פארשטענדלעכע רייד פאר זײַן עלטער, באנאכט פלעגט קומען דער טאטע און אים נעמען אהיים.

די קינדער האָבן בערישלען געשפּײַזט: יעדער איינער פלעגט

אים געבנ א כיילעק פונ זײַנ עסנ. בערישלענ איז געווענ וואַ־רעמ, ער איז געווענ זאט, ס׳איז אימ געווענ גוט, נאָר קיינ שיכעלעכ האָט ער נאָכ אלצ ניט געהאט.

ס׳איז אָנגעקומענ סאָפּ ווינטער, אינ דרויסנ איז געווענ נאס, פונעמ צעלאָזונעמ שניי האָבנ זיכ אָנגעזאמלט בלאָטעס. די שוועסטער מיטנ ברודער זײַנענ געווענ צוקלייג צו קאָנענ טראָגנ בערישלענ אפ די הענט אינ שול אַרײַנ, אונ אינ איינעמ אזא טאָג האָבנ זיי אימ געבראכט אינגאנצנ אנ אויסגענעצטנ: אפנ וועג איז ער אַרײַנ מיט די גרויסע שיכ אינ א בלאָטע צעגאנ־גענעמ שניי, האָט זיכ פארטשעפּעט, געפאלנ, אונ אינגאנצנ דורכ־גענעצט געוואָרנ. ער איז געקומענ אינ שול אַרײַנ אונ זיכ גע־טרייסלט פונ קעלט. דער לערער האָט עס באמערקט, אימ אויס־געטאָנ, ארומגערייניקט, אײַנגעטוליעט אימ אינ זײַנ אייגענעמ מאנטל אונ אוועקגעזעצט נעבנ אויוונ, ער זאָל זיכ דערוואַרע־מענ.

בערישל האָט זיכ נאָכ א לאנגע צײַט געטרייסלט פונ קעלט. אונ ווענ די וואַרעמקײַט פונעמ אויוונ האָט אימ א ביסל דורכ־גענומענ, האָט ער דערפילט א מידקײַט אונ זיצנדיק, גענומענ דרעמלענ. מע האָט אימ אונטערגעלייגט עפּעס צוקאָפּנס אונ ער איז אײַנגעשלאָפנ. אינ שלאָף האָבנ אימ גענומענ גליִענ די שטענ־דיק בלייכע, פארעלטערטע בעקלעכ, דער אָטעמ איז אימ גע־וואָרנ שווער, מע האָט געזענ, אז דאָס קינד האָט זיכ שטארק פארקילט אונ האָט היצ. דער לערער איז געוואָרנ אומרויִק. עס זײַנענ געקומענ די קינדער פונ די עלטערע קלאסנ, בערישל איז נאָכ אלצ געלעגנ אײַנגעקאָרטשעט אונטערנ מאנטל, עסנ האָט ער ניט געוואָלט, די אייגעלעכ האָבנ זיכ אימ מעשונעדיק גע־דרייט אינ קאָפּ, אונ ער האָט געקרעכצעט ווי א דער־וואקסענער.

באנאכט איז געקומענ דער פאָטער אונ צוגענומענ אימ אהיימ. אז בערישל איז אפּמאָרגנ ניט געקומענ אינ שול, האָט עפּעס

געפעלט. די קינדער זײַנען שוין געווען צוגעוווינט צו זײַן שטענדיקן זיצן באַם אויוון, צו זײַן שטילקײַט, באַשיידנקײַט און צו דעם קינדערשן שמייכל אויף זײַן פּנים, ביז זיי פּלעגן אים געבן עפּעס עסן.

זײַן שוועסטער מיטן ברודער האָבן דערציילט, אַז בערישל איז שטאַרק קראַנק, ער האָט הויכע טעמפּעראַטור. אין שטוב איז קיינער ניטאָ, דער טאַטע מוז גיין צו דער אַרבעט, די מאַמע קאָן זיך ניט רירן, זי ליגט אין בעט און וויינט, בערישל קרעכצט. זיי האָבן עס דערציילט און זיך אַליין צעוויינט.

אין שול איז געווען שטיל און אָנגעשטרענגט. יעדער איינער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר קיינער האָט ניט געוווּסט ווי אַזוי אָנצוהייבן. דער לערער האָט זיך פאַרטראַכט און אַ זיפץ געטאָן:

— און אַ דאָקטער האָט מען גערופן? — האָט ער געפרעגט בײַ די קינדער.

— ניין! — האָבן ביידע מיטאַמאָל געענטפערט וויינענדיק.

— מע מוז זען, אַז אַ דאָקטער זאָל קומען — האָט דער לערער געזאָגט, ווי צו זיך אַליין, און פאַרענדיקט — מע מוז גלײַך באַהאַנדלען די פראַגע מיט דער שול־פאַרוואַלטונג.

איינער פון די קינדער האָט פאָרגעלייגט, מע זאָל גיין צו בע־רישלען אַהיים אַ קוק טאָן וואָס ער מאַכט. די איבעריקע, צו־פרידן דערפון, וואָס איינער האָט אָנגעהויבן, האָבן גלײַך אויפ־געכאַפּט די אידייע, זיי האָבן זיך צעטיילט צו צווייען, צו דרײַען, אויף גיין באַזוכן בערישלען.

אינעם זעלבן אָוונט האָט די שול־פאַרוואַלטונג באַשטימט שיקן אַ דאָקטער צום קראַנקן קינד אויפן כעזשבן פון דער שול. די קינדער זײַנען יעדן טאָג געגאַנגען גרופּעסווײַז געוואָר ווערן וואָס בערישל מאַכט, בערישל איז געוואָרן די טעמע פון אַלע געשפּרעכן, גערעדט האָט מען וועגן דעם מיט באַדויערונג און מיטגעפיל, גלײַך ווי יעדער איינער וואָלט זיך געפילט שולדיק אין דעם וואָס בערישל איז קראַנק געוואָרן.

א פּאָר וואָכן איז בערישל געווען קראַנק אַף אַ לונגען־אָנצינדונג, די גאַנצע צײַט פון דער קראַנקײַט האָבן אים די קינדער יעדן טאָג באַזוכט, און נאָך יעדן באַזוך געבראַכט גרוסן. דער קריזיס איז אַריבער און בערישל האָט זיך גענומען בעסערן. די מאַמעס פון די שול־קינדער, וועלכע האָבן נאָר געהאַט צײַט, פלעגן אַרײַנגיין עפּעס אָפּקאָכן און ברענגען וואָס עס איז אין שטוב אַרײַן.

בערישל איז געזונט געוואָרן, נאָר קיין שיכעלעך האָט ער נאָך אַלץ ניט געהאַט. די גאַנצע צײַט פון זײַן קראַנקײַט האָט וועגן דעם קיינער ניט געטראַכט, אַלע האָבן גאָר געהאַט פאַרגעסן וויאַזוי ער פלעגט פּאַטשן מיט זײַן מאַמעס צוויי גרויסע אַלטע שיך איבערן קלאַס־צימער.

ווען מע האָט געפרעגט זײַן שוועסטער מיטן ברודער, ווען וועלן זיי ווידער מיטברענגען בערישלען אין שול אַרײַן, האָבן זיי געענטפערט, אַז די מאַמע לאָזט אים מער ניט נעמען: זאָל ער שוין בעסער זיצן אין שטוב ביז עס וועט ווערן וואַרעם אין דרויסן, ער האָט דאָך קיין שיך ניט.

די קינדער האָבן ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן אַף דעם, זיי האָבן זיך פאַרשעמט. דאָס איז געווען אַ מינוט, ווען דער געוויסן פּײַניקט פאַר אַ ניט קלאָרער אומגערעכטיקײַט וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן.

דאָס האָט אָבער געדויערט ניט מער ווי איין קורצע ווײַלע. די גאַנצע שול האָט ווידער אופגעלעבט, און נאָך מיט מער אימפּעט ווי דעמלט, בייס בערישל איז קראַנק געוואָרן און מע איז אים געגאַנגען באַזוכן. דאָס מאָל מיט אַ פרייד פון דער גרויסער זאַך וואָס מע גייט אופטאָן: די קינדער האָבן זיך דערטראַכט קויפן בערישלען אַ פּאָר שיכעלעך פאַר זייער אייגן געלט.

די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן מיט ברען און מיט לײַדנשאַפט. ווי איינער האָט נאָר ערגעץ געהאַט אַן אָפּגעשפּאָרטן

סענט האָט ער אים אָפּגעגעבן פאר די שיכעלעך, די, וואָס האָבן ניט געהאַט, האָבן געבעטן בא די טאַטעס. פאר צוויי טעג האָבן די קינדער אויפגעזאַמלט געלט אַף אַ פּאָר שיכעלעך פאר בערישלען. געגאַנגען קויפן איז דער לערער מיט צוויי קינדער פון עלטסטן קלאַס, וואָס מען האָט אויסגעקליבן אַף דער ספּעציעלער פאַרזאַמלונג, נאָר אַף דער גאַנצער גאַס, קימאַט ביז דער קראָם, זײַנען נאָכגעגאַנגען אַלע קינדער פון שול.

דאָס איז געווען אַ יאָנטעוודיקער טאָג, אַ יאָנטעוו פאר אַלע קינדער.

ס'איז שוין געווען נאָענט דער פרילינג, די גרויע הימלען איבער דער שטאָט פּעטערסאָן האָבן זיך אויסגעלײַטערט, וואַרעמע ווינטן האָבן געבלאָזן.

בערישל איז געקומען אין שול אַרײַן אין די נײַע שיכעלעך, די קינדער האָבן אים באַגעגנט פּונקט ווי אַמאָל, אַנציקטע האָבן זיי געקוקט אַף זײַנע נײַע שיכעלעך, נאָר אַרויסגעוויזן האָט עס קיינער ניט, קעדיי בערישל זאָל זיך ניט פאַרשעמען.

בערישל איז פון דער קראַנקייט געוואָרן מאָגערער און בלייכער, נאָר די אַלטקייט איז פאַרשוווּנדן געוואָרן פון זײַן קינדערשן פּאָנעם. ער האָט געקראָגן צוויי צאַרטע, ליכטיקע אויגעלעך. אין די נײַע שיכעלעך האָט ער אויסגעזען עלעגאַנט, ער איז ווידער געבליבן אַזאַ שטילינקער ווי פריִער, געזעסן אין שול אַף זײַן שטענדיקן פּלאַץ און קיינמאָל ניט געשטערט בײַם לערנען.

# די לעווייע פון פויגעלע-פליגעלע

אפ קארשנ־גאס האָט פארבלאָנדזשעט א פויגעלע. וואָס קאָנ טאָנ א קליינ פויגעלע, וואָס שלאָגט זיכ אראָפּ פונ טראקט, אינ דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק, צווישנ די הונדערט־שטאָקיקע מויערנ? איז עס געפלויגנ, געפלויגנ, ביז ס'איז פארפלויגנ אפ קארשנ־גאס אונ זיכ אָפּגעשטעלט אפ א פענצטער פונ א הויז.

ס'איז געווענ זומער, דאָס פענצטער איז געווענ אָפנ, אפנ פענצטער איז געשטאנענ א בלומענ־טאָפּ — דאָס א יינציקע שטיקל גרינס, וואָס דאָס פויגעלע האָט געפונענ צווישנ די גרויע, שטיינערנע מויערנ פונ דער אָרעמער געגנט.

אפ קארשנ־גאס, ווי מאָדנע עס זאָל ניט אויסקוקנ, איז ניטאָ אפילע קיינ סימענ פונ קיינ בוימל, פונ קיינ גרעזל, את ווער ווייסט פארוואָס די גאָס הייסט מיט אזא שיינעם נאָמענ?

דאָס פויגעלע האָט זיכ אוועקגעשטעלט אפנ ראנד פונעם בלומענ־טאָפּ, האָט א פלאטער געטאָנ מיט די פליגעלעכ, א צווי־טשער געטאָנ, געזוכט מיטנ שנאָבל אינעם ביסל פארטריקנטע ערד, ס'האָט דאָרט גאָרנישט ניט געפונענ. האָט עס נאָכאמאָל א צוויטשער געטאָנ, צעשויבערט די פעדערלעכ, אונ מיט די פיס־לעכ אונטער זיכ געבליבנ זיצנ פארמאטערטערהייט באם צווייגל פונ דער בלום.

דער ערשטער האָט דערזענ דאָס פויגעלע — מילטאָנ — א ייִנגל, א קאליקע, מיט קרומע פיסלעכ.

מילטאָן, ווען ער האָט דערזען דאָס פויגעלע, האָט שיר ניט א געשריי געטאָן פון איבעראשונג, ער האָט זיך אָבער געכאפט, אז דאָס פויגעלע קאָן זיך דערשרעקן און אוועקפליען, האָט ער דעריבער איינגעהאלטן דעם אָטעם, צוגעקאטשעט זיך צום פענצטער, און פאמעלעך, פאמעלעך גענומען עס פארמאכן.

דאָס פויגעלע האָט אָבער גאָרניט געטראכט צו אנטלויפן, עס האָט זיך בלויז בעסער אוועקגעזעצט און איינגעקאָרטשעט דאָס קעפל. מילטאָן האָט אויסגעשטרעקט די האנט און עס א כאפּ געטאָן, דאָס פויגעלע האָט ארויסגעלאָזט א פארצווייפלטן קוויטש, און גלייך נאָכדעם האָט מילטאָן גענומען שרייען פון פרייד:

— מאמעלעך, זעט נאָר, א פויגעלע, אזא טייערס, אזא פיצינקס.

עס זיינען זיך גלייך צונויפגעלאָפן די איבעריקע קינדער פון שטוב—זשאנעט—א מיידעלע מיט אָפּגעבליאקעוועטע קרויזן אפן קעפל, דיק—א יינגל מיט אן אָנגעפּוישט בייכל, און דאָס פיצעלע יינגעלע—דאָדל, מיט צוויי שפּיציקע אויערלעך, ווי בא א קעצל.

יעדער איינער האָט עס געוואָלט אָנרירן, כאָטש צולייגן א פינגער, נאָר מילטאָן האָט ניט צוגעלאָזט—פון ווייטן, פון ווייטן—האָט ער געזאָגט—קוקט וויפל איר ווילט. ער האָט זיך שנעל געקאטשעט אף די קרומע פּיסלעך און די קינדער נאָך אים. צוזאמען זיינען זיי אראָפּ פון די טרעפּ און ארופ אפן קליינעם הינטער־הויפל.

עס זיינען זיך גלייך צונויפגעלאָפן אלע קינדער פונעם גרויסן הויז, פון די פענצטער האָבן זיך באוויזן קעפּ מיט פארוווּנדערטע פענעמער.

— וואָס האָט פאסירט?

— מילטאָן דער קאליקע האָט געכאפּט א פויגעלע!

ס'איז געווען א לעבעדיקער טאָג, א פריילעכער. אזא טאָג טרעפט איינמאָל אין יאָרן אף קארשנ־גאס.

מילטאָן איז געשטאַנען צווישן דעם אָנגעלאָפּ פון קינדער, דאָס פויגעלע האָט ער געהאַלטן צוגעדריקט צום ברוסט; זאָל זיך נאָר עמעצער דערוועגן באַ אים עס צונעמען, ער וועט יע־נעם די אויגן אַרויסרײַסן. דאָך האָט אים געדראָט אַ געפאַר. די קינדער האָבן געקוקט מיט זשעדנע אויגן אויפן קליינעם באַ־שעפעניש, אַזאַ פויגעלע האָבן זיי נאָך קיינמאָל ניט געזען — אַ פּיצינקע, ווי אַ פליג, אינדערעמעסן איז עס געווען אַ פּאַשעטע פויגעלע, טאַקע פון דעם מין וואָס מע רופט פייגעלעך־פליגעלעך, מע רופט זיי אויך זשום־פייגעלעך, ווײַל זיי פאָכען אַזוי שנעל מיט די פליגעלעך, אַז עס הערט זיך אַ געזשום ווי פון אַ פליג. דאָס פויגעלע האָט געהאַט שמאָלע פליגעלעך, אַ שמאָל עקל, און אַ לאַנגן, דינעם שנעבעלע.

מילטאָן האָט געזען, ווי די קינדערשע אויגן ברענען פון גיריקייט, עס וועט זיך אַוואַדע געפינען איינער, אַ שטאַרקערער פון אים, וואָס וועט עס אַ כאַפּ טאָן פון זײַנע הענט און אַנט־לויפן, ער וועט זיך ניט קאָנען נאָכיאָגן, אַ קאַליקע. מילטאָן האָט זיך דעריבער שנעל אַרויסגעדרייט פון דעם מוראַווייניק קינדער און אַנטלאָפן צוריק אין שטוב אַרײַן. די קינדער זײַנען נאָכגעלאָפן, אָבער ניט אַלעמען האָט ער אַרײַנגעלאָזט.

— לאָמיר עס אַרײַנזעצן אין אַ שטײַגל און האָדעווען — האָט געזאָגט דיק מיט זײַן גראָבן קאָל.

— גראָבער פּעמפּיק — האָט געזאָגט זשאַנעט, און אַ וויש גע־טאָן דאָס נעזל — וווּ האָסטו אַ שטײַגל?

דאָדל האָט זיך געדראַפּעט אויף די טישן, אויף די שטולן. אים, אַזאַ פּיצינקן, איז שווער געווען צו זען, די שפּיציקע אויערלעך זײַנען באַ אים געווען אויפגעשטעלט, ווי באַ אַ קעצל, ווען עס דערזעט אַ מײַזל.

מילטאָן האָט קיינעם ניט געהערט, ער האָט געטראַכט אַ פּלאַן, וווּ צו האַלטן דאָס פויגעלע, און אַזוי ווי אין שטוב איז קיין זאַך ניט געווען וואָס זאָל אַפילו זײַן ענלעך צו אַ שטײַגל,

האָט ער דעריבער אויסגעזוכט א לאנגן שטריקל, צוגעפעסטיקט איין ברעג צו א טשוועקל, נאָענט פון פענצטער, דעם צווייטן ברעג האָט ער צוגעבונדן דעם פויגעלע בא א פיסל און א לאָז געטאָן עס פליִען.

דאָס פויגעלע האָט א זשום געטאָן מיט די קורצע פליגלעך און זיך אָפּגעשטעלט אפן פענצטער נעבן בלומען־טאָפּ, מער האָט עס גאָרניט געטאָן, ס'איז געבליבן זיצן פארמאטערטערהייט.

און א וווּנדער, ס'האָט זיך פאר קיינעם ניט געשראָקן. די קינדער זײַנען פאמעלעך צוגעגאנגען נאָענט צום פענצטער, גענומען באטראכטן דאָס פויגעלע פון אלע זײַטן, דאָס פויגעלע־פליגעלע האָט זיך אפילע ניט גערירט פון אָרט.

— לאָמיר עס געבן עסן,—האָט געזאָגט דיק.

— ברויט—האָט געשריִען זשאנעט.

— קערנער דארף מען האָבן, הירזשענע קאשע—האָט געזאָגט מילטאָן פארזאָרגט.

— אויב ס'איז הונגעריק וועט עס עסן ברויט אויך—האָט געזאָגט דיק. מילטאַן האָט קיינעם ניט געהערט, ער איז אוועק און געבראכט אין א קליין טעצעלע א ביסל וואסער—פריִער פון אלץ דארף מען עס געבן צו טרינקען, ס'איז פארמאטערט—האָט ער א זאָג געטאָן מיט א קאָל פון א געטרײַער מוטער. זשאנעט האָט פונדעסטוועגן געבראכט א פּאָר ברעקלעך ברויט. מע האָט אוועקגעשטעלט דאָס וואסער נעבן דאָס פויגעלע, מע האָט אָנגעשאָטן ברעקלעך ברויט, דאָס פויגעלע האָט זיך ניט צוגערירט. דאן האָט מילטאָן גענומען עס אין האנט אַרײַן, צוגעלייגט צום מויל און גענומען הויכן אפ דעם, עס זאָל זיך דערוואַרעמען און דאָ האָט ער דערזען אזוינס, וואָס האָט אים אופגעשוידערט—באם פויגעלע איז געווען נאָר איין העלפט שנאָבל—די אונטערשטע, די אויבערשטע איז געווען אָפּגעבראָכן, ס'האָט זיך נאָך אפילע געזען א סימען פון פארטריקנטע בלוט.

— אוי, דאָס פויגעלע וועט ניט לעבן—האָט מילטאָן פאר־

צווייפלט אויסגעשריִען — ס'האָט ניט מיט וואָס צו עסן, דער שנאָבל איז אָפּגעבראָכן — און ער האָט עס אוועקגעשטעלט צו־ריק אפן פענצטער.

— וואָסער שנאָבל, וואָס רעדט ער?

— טאקע דער שנאָבל, זעט, אָפּגעבראָכן.

איבערן גאנצן גרויסן הויז האָט זיך פאנאנדערגעטראָגן די נייַעס, אז באַם פויגעלע איז אָפּגעבראָכן א האלבער שנאָבל, עס וועט ניט לעבן, עס קאָן ניט עסן.

ווער נאָך ווייס אזוי גוט דעם טאַם פון ניט עסן, ווי די קינדער פון קארשן־גאַס, פון דעם ווינקל אין ניו־יאָרק, ווו מענטשן לעבן ניט, נאָר מאַטערן זיך? עס איז דערפאר קיין וואונדער ניט, וואָס קינדער האָבן אזוי באדויערט דאָס פויגעלע וועמען ס'האָט געטראָפן אזאַ מין אומגליק. מע האָט נאָך אָבער געדארפט דערגיין, וויאזוי האָט דאָס פויגעלע אָפּגעבראָכן דעם האלבן שנאָבל, פון וואנען קומט עס?

איינער האָט געזאָגט, אז דאָס פויגעלע האָט זיך אוואדע פליִענדיק אָנגעקלאַפּט אָן א שטיינערנעם מויער און פון דעם שטארקן זעץ אָפּגעבראָכן דעם האלבן שנאָבעלע, דאָס אָבער האָט זיך ניט געלאָזט גלויבן. אן אנדערער האָט געזאָגט, אז דאָס פויגעלע איז פון ערגעץ אנטלאָפן, און קינדער, וואָס ווייסן ניט ווי זיך צו באַגיין מיט אזאַ פויגעלע, האָבן עס ניט ווילנ־דיק אָפּגעבראָכן דעם שנאָבל. אז דאָס איז פון ערגעץ אנטלאָפן זיַינען אלע געווען זיכער, ווייַל פון וואנען קומט עס אהער? נאָר, אז דאָס האָבן קינדער אָפּגעבראָכן דעם האלבן שנאָבל, האָט קיינער ניט געוואָלט אפילע הערן.

מילטאָן האָט געלאָזן די קינדער זיך אמפּערן, און אליין האָט ער זיך אוועקגעקאַטשעט אפ גרענד־סטריט, א דערבייַיִקע הויפּט־גאַס. דאָרטן, ווייס ער, איז פאראן א קראָם, ווו מע פארקויפט פייגעלען, ער איז אהין אריַין און געזאָגט:

— צו אונדז איז פארפלויגן א קליין פויגעלע, ס'מוז זיַין אייַערס.

— האַלט עס דיר! — האָט מען אים געענטפערט.

— אָבער ווער האָט עס אָפּגעבראָכן א האַלבן שנעבעלע? זאָגט!? — האָט ער קימאט אויסגעשריִען.

— אַליין — האָט מען אים ווידער געענטפערט.

— וואָס הייסט אַליין? א פויגעלע קאָן ניט טאָן אזא זאך — איז מילטאָן צוגעשטאנען.

— אַליין, זאָגט מען דיר. ס'האָט געוואָלט ארויספליִען פון שטײַגל, דאָס שטײַגל איז מיט א קלאַפּ־טירל, האָט עס אזוי לאנג געדאָלבעט מיטן שנעבעלע ביז דאָס טירל האָט זיך געעפנט און גלײַך צוריק פארקלאפּט, א האַלבער שנעבעלע איז געבליבן שטעקן אין טירל אָפּגעבראָכנערהייט.

— און דערנאָך? — האָט מילטאָן ניט אופגעהערט פרעגן.

— און נאָכדעם האָט מען עס ארויסגעוואָרפן, גיי, קריפּל, דריי ניט דעם קאָפּ.

מילטאָן איז אוועק אהיים. גייענדיק האָט ער געטראכט וואָס מע קאָן פאָרט טאָן מיט א פויגעלע, וואָס האָט נאָר איין האַלבן שנאָבל, ס'מוז דאָך אויסגיין פון הונגער. ווען ער איז געקומען אפן הויפל האָבן זיך די קינדער נאָך אַלץ געאמפּערט. מילטאָן האָט מיט קיינעם ניט געוואָלט ריידן, ער איז פריִער פון אַלץ ארופּ אין שטוב א קוק טאָן צום פויגעלע, ער האָט עס שוין אָבער געפונען טויט.

מילטאָן האָט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורכן פענצטער, דער אויסזען זײַנער איז געווען אזא צעטומלטער, ווי דאָס גאנצע הויז וואָלט געווען ארומגעכאפּט מיט א פײַער און ער קאָן זיך ניט ראטעווען — אוי, דאָס פויגעלע איז שוין טויט — האָט ער אויסגעשריִען.

דערנאָך האָט ער עס אראָפּגעטראָגן אין הויפל, די קינדער האָבן עס נאָכאמאָל באטראכט, אנדערע קינדער האָט געעקלט צו נעמען עס אין האנט אריַין, אנדערע האָבן גענומען מאכן א שפּיל דערפון, געוואָרפן עס פון איינעם צום צווייטן, גע־

שראָקן די גאָר קליינינקע קינדער און האָבן געקוויטשעט, נאָר מילטאָן איז צוגעלאָפן א בייזער, א נעמ געטאָן דאָס פויגעלע אינ האנט, ער האָט אויסגעזען, ווי עפּעס א מער פארשטייענדיקער און האָט בייז באפוילן—מע דארף עס באגראָבן!

— באגראָבן?

— יאָ, באגראָבן—האָט מילטאָן געשריִען.—

באגראָבן א פויגעלע איז אויך א זאך פאר די קינדער אפ קארשנ־גאס.

אינעם שטיינערנעם הויפל פונ גרויסן הויז האָבן די קינדער געפונען א שטיקעלע פלאצ אינ א ווינקל. זיי האָבן אויסגעגראָבן א גריבל און באגראָבן דאָס פויגעלע מיט פאראד. א טייל קינדער האָבן עס נאָך אלצ באטראכט פאר א שפּיל: זיי האָבן אופגעזוכט אלטע שטיקער בלעך, קענדלעך, און געקלאפּט אינ דעם, ווי אינ פּויקן, קעדיי צו מאכן די לעוויִע פייערלעכער; אײנ מילטאָן איז געווען ערנסט. ס׳קאָן זיין דערפאר, וואָס ער איז אליינ געווען א קאליקע, נאָר גיכער איז עס מיסטאָמע דערפאר, וואָס א קינד פונ קארשנ־גאס איז פייִק צו ווערנ גערירט פונעם גורל פונ א קליינ פויגעלע, וואָס האָט זיך פארפּלאָנטערט צווישנ די הונדערטשטאָקיקע מויערנ פונ ניו־יאָרק.

דאָס אלצ האָט פּאסירט אינ מעשעך פונ איינ זומערדיקנ טאָג, ווענ די אספאלטענע גאסנ פונ דעם ווינקל אינ ניו־יאָרק, ווו עס געפינט זיך די קארשנ־גאס, זיינענ אָנגעגליט פונ דער זונ, און אָרעמע קינדער האָבן זיך נימ ווו אהינצוטאָן.

# ערשטער מײַ

ס'איז ערעוו דעמ ערשטנ מײַ.

באמ ברעג פונ אָקעאנ זיצט א גרופּע קינדער. זיי באטראכטנ די לעצטע צוגרייטונגענ צו דער מאָרגנדיקער מײַ־פײַערונג.

א ווארעמער אָוונט. אנ אומרויִקער. דער אָוונט פארנ ערשטנ מײַ.

ווײַט אינ אָקעאנ שווימענ שיפנ. עס טוקנ זיכ קלײנע פײַערלעכ. רויטע, ווײַסע אונ גרינע. די ברוקלינער טייל פונ דער שטאָט ניו־יאָרק איז באלויכטנ. די נאכט הויבט זיכ איצט אָנ.

באמ ברעג פונ אָקעאנ שפּאצירנ מענטשנ אונ שעפּנ פרישע יאמ־לופט. דער זומער האָט זיכ אָנגעהויבנ פרי. סאָפּ אפּרעלטעג זײַנענ הייסע. מענטשנ באָדנ זיכ שוינ אינ אָוונט.

אפנ זאמד זיצנ די פּיאָנערנ. א קינדער צוועלפ־פופצנ. לענגויס דעמ גאנצנ ברעג באָדנ זיכ מענטשנ. מע הערט זייערע לוסטיקע קוילעס בייס זיי וו ארפנ זיכ אינ וואסער ארײַנ. מע שפּילט אינ באָל, די קינדער שפּילנ אויכ. זיי בויענ אויס טורעמס פונ זאמד, באווײַזנ פארשיידענע גימנאסטישע קונצנ, מע וו ארט דערווײַל אפ די צוויי כאווייריִמ, וואָס זײַנענ אוועק ברענגענ די בלעטלעכ, מאָרגנ גאנצ פרי דארפ מענ די בלעטלעכ פארשפּרייטנ אפ די גאסנ בייס די קינדער גייענ אינ די פאָלק־שולנ ארײַנ.

קיינער דארפ נימ וויסנ, אז דאָ, באמ אָקעאנ, זיצנ פּיאָנערנ אונ גרייטנ זיכ צו דער מאָרגנדיקער ערשטער מײַ־דעמאָנסטראציע. די ניו־יאָרקער פּאָליציי האָט פארבאָטנ דעמאָנסטרירנ. אפ

מאָרגנ ריכט מענ זיכ אפ א פּאָליציי־אָנפאל. שוינ הײַנט איז פארשטארקט געוואָרנ די וואכ. דאָ, באמ ברעג, דרייענ זיכ אויכ ארומ „די אָרדענונג־היטער" מיט קורצע שטעקנס אינ די הענט אונ שמעקנ די לופט. איינער גייט פארבײַ, די קינדער שפּילנ גאָר אינ זאמד אונ ווײַזנ קונצנ.

א שווארצקײַט רוקט זיכ פונ אָקעאנ. זי פארדעקט דעמ גאנצנ ברעג, זי רוקט זיכ קעגנײַבער אפ די רייענ מויערנ, די עלעקטרי־שע פײַערלעכ פונ די הײַזער פינקלענ ארויס פונ דער פינצ־טערניש, עס הערט זיכ א געפּליעסק פונ די כוואליעס. ס'ווערט אומרויִק ווי פאר א שטורעמ. מענטשנ פארלאָזנ דעמ זאמד, עס ווערט שיטערער, שיטערער אונ אלצ אָפטער דרייענ זיכ ארומ די „אָרדענונג־היטער" אונ שמעקנ מיט די נעז.

די צוויי כאווײרימ זײַנענ אָנגעקומענ. די בלעטלעכ ווערנ גיכ פארשפרייט. מאָרגנ רופנ די פּיאָנערנ די שילער פונ די פאָלק־שולנ צו א שטרײַק אונ צו דער מײַ־דעמאָנסטראציע.

די לעצטע אינסטרוקציעס: יעדנ ווערט באשטימט זײַנ ראיאָנ ווו צו פארשפרייטנ די בלעטלעכ. די קינדער צעגייענ זיכ, מע איז אופגערעגט, קיינער וועט שוינ הײַנט ניט שלאָפנ ווי געהע־ריק איז. אהיימ וויל מענ ניט גיינ, אפ די גאסנ טרעפט מענ זיכ ווידער.

דער לערער פונ דער ארבעטער־שול איז נאָכ אויכ ניט גע־גאנגענ אהיימ. ער קומט פונ א פארזאמלונג, עסטער מיט אירע כאווערטעס גייענ אימ אנטקעגנ.

בא עסטערנ גלאנצנ די אויגנ, די גאנצע גאס הערט אז זי גייט. זי רעדט הויכ אונ לאכט נאָכ העכער. עסטער גייט שוינ זייער לאנג אינעמ זעלבנ קליידל, נאָר זי האָט עפּעס א באזונ־דער פײַיִקײַט אויסצוזענ אינעמ אָפּגעניצטנ קליידל שיינ אונ באכיינט. ס'איז איר נאָר מעקאנע צו זײַנ.

זי איז א הויכע מיט א פארשײַטער גריוווקע, גרינע אויגנ מיט לאנגע וויִעס. זי קאָנ ניט ריידנ אנדערש, ווי נאָר ארופלייגנדיק

יענעם די הענט אפ די אקסלען, מיט איר מוז מען ווערן כא־ווײרים, אלע האָבן זי ליב.

עסטער וויל ניט גיין אהיים, זי לייגט פאָר מאכן א שפּאַציר איבער די גאסן און אריינוואַרפן בלעטלעך אין די בריוו־קעסט־לעך בא אלע טירן. עס געפעלט איר אזוי דער פאָרשלאג, אז זי גיט א פּאטש מיט די הענט און אין סאמע מיטן גאס שרייט זי אויס הויך אפן קאָל, וויאזוי מע זאָל עס טאָן. זי דערמאָנט זיך, אז מע טאָר ניט אזוי, זי וויל כאפּן צוריק און שרייט ווי־דער הויך אפן קאָל.

דער לערער גיט א קוק אפ איר און שמייכלט. די איבעריקע קינדער לאכן, עסטער פארשעמט זיך.

דער לערער בעט די קינדער גיין אהיים. ער דערמאָנט זיי אָן מאָרגעדיקן טאָג. עסטער בעט זייער שטארק, אז דער לע־רער זאָל דערלויבן אריינוואַרפן איצט עטלעכע בלעטלעך אין די בריוו־קעסטלעך. זי מאכט קלוימערשט א באַרויגעזע מינע, לאָזט אראָפּ די אויגן, נאָר פון אונטן ארוף קוקט זי דעם לערער גלייך אין מויל אריין, זי וואַרט נאָר, אז ער זאָל ארויסלאָזן א וואָרט פון די ליפּן און זי זאָל עס א כאפּ טאָן. די כאוועריטעס העלפן איר אונטער.

ס'איז שוין שפּעט. קיין דיסקוסיעס איצט פירן קאָן מען ניט, יעדער איינער האלט זיין פּעקל בלעטלעך צוזאמען מיט א ביכל, אָדער א צייטונג, עס זאָל נישט זיין קאַנטיק. ווי צו היטן זיך ווייסן די כעוורע.

— קיין שפּיל דערפון מאכן דארף מען ניט, — זאָגט דער לע־רער, — און צופּיל טומל אויך ניט. דער איקער איז מאָרגן אינ־דערפרי. נאָר איצט, אויב איר ווילט דאַווקע, גייט אהיים פּאָר־וויַז און אפן וועג זאָל יעדערער אפ זיין גאס, בא די שכיינים, אריינוואַרפן בלעטלעך, פארגעסט ניט, אז מע דארף נאָך לאָזן אפ מאָרגן אויך.

עסטער איז באגייסטערט. זי דארף גיין מיטן לערער אין

איינ וועג. די כאוורטעס לאָזט זי, זי צעזעגנט זיכ:—א גוטע נאכט, מיידלעכ, מאָרגנ.

עסטער מיטנ לערער דארפנ נאָכאמאָל פארבײַגיינ באַם ברעג פונ אָקעאנ, זיי ווײַנענ אפ יענער זײַט פונ די רײַכע מויערנ, וואָס זײַנענ אויסגעבויט באַם ברעג, אָט אינ די מויערנ דארפ זײַנ זייער גוט צו ווײַנענ, שטענדיק איז דאָרט קיל אונ אָנגענעמ. אפ אַלע פענצטער הענגענ שטאָרנ, ס'לײַכטנ מאט-גרינע פײַערלעכ, א גאנצע נאכט הערט מענ דעמ גערויש פונ די כוואַליעס, זיי מאכנ מיד אונ פארשלעפערנ.

עסטער ווײַנט אונטער דער מעטראָ-ליניע. דער מעטראָ גייט ביז ברוקלינ אונטער דער ערד, אינ ברוקלינ דראפעט ער זיכ ארופ אינדערהויכ, שלענגלט זיכ איבער די דעכער, שלײַדערט ארײַנ אינ די אָפענע פענצטער פונ די אײַנוווינער א בייזע אונ ווילדע טראסקערײַ, אנ אָרעמער מענטש קאָנ ווײַנענ אינ יענער געגנט נאָר אפ א צווייטנ אָדער דריטנ עטאזש, ווו דער מעטראָ לויפט דורכ. א האַלב יאָר דויערט-ביז א נײַער אײַנוווינער געוווינט זיכ צו צו דעמ גערויש, נאָכדעמ איז ער שוינ אזוי געוווינט דערצו, אז אָנ א באַנ איבערנ קאָפּ קאָנ ער שוינ גאָר ניט אײַנשלאָפנ.

באַמ ברעג פונ אָקעאנ איז שוינ קיינער ניטאָ. בלויז אינ די ווײַטע ווינקלענ זעט מענ נאָכ אייניציקע מענטשנ. גאנצ נאָענט שווימט א שיפ. עס דאכט זיכ, אז זי שווימט צומ ברעג.

— לערער, ווענ מע זעצט זיכ אָט-אָ דאָ אפנ שיפ, קאָנ מענ אוועקשווימענ גלײַכ אינ סאָוועטנפארבאנד?

עס בלאָזט א קאַלטער ווינט. עסטער איז אינ איינ קליידל, אָנ א מאנטעלע. דער לערער פילט, ווי זי ציטערט פונ קעלט, ער טוט אויס זײַנ רעקל, ווארפט עס איר ארופ אפ די אקסלענ, צווינגט איר, זי זאָל זיכ אײַנהילנ אינ דעמ—טו אָנ, עסטער, ווערסט זיכ נאָכ פארקילנ.

— מיר כאָלעמט זיכ אַלע נאכט, אז איכ פאָר אינ סאָוועטנ-

דוסלאנד. מײַן טאטע זאָגט, אז ער וועט האָבן גענוג געלט, וועט ער פאָרן כאָטש א קוק טאָן, עפשער וועט ער מיך אויך מיטנעמען.

זי וויל נאָך ריידן און דערציילן. דער לערער דערמאָנט איר, אז זיי האָבן נאָך קיין איין בלעטל ניט פארשפרייט. עסטער גיט זיך א כאפ, נעמט איילן.

אסאך גאסן שניידן דורך די ברייט פון דער פאָרשטאָט, עס־טער מיטן לערער פארקערן אפ איינער פון די גאסן. זי טוט אויס דאָס רעקל, גיט עס אָפּ דעם לערער. א ווארעמע לופט פון דער פארשטיקטער גאס, א רייעך פונעם פארגאנגענעם טאָג גיט א שלאָג אין פּאָנעם אריין.

די גאס שלאָפט שוין, איבערן קאָפּ הענגט די מעטראָ־ליניע — א שטאָלענע נעץ, דורך וועלכער עס זעען זיך שמאָלע פאסיק־לעך שווארצער הימל. ארבעטער גייען פארביי מיד, קוים וואָס זיי שלעפן זיך, עס זעט אויס, ווי זיי וואָלטן גייענדיק געשלאָפן. די גאס איז א שמאָלע. טראָטוארן פון ביידע זײַטן. די הײַזלעך אלע צוויי־שטאָקיקע, מיט הילצערנע טרעפלעך, ברייוו־קעסטלעך הענגען אפ די דרויסן־טירן.

עסטער גייט פון איין זײַט גאס, דער לערער — פון דער צווייטער. אלע ווײַלע שטעלן זיי זיך אָפּ, קוקן זיך איבער. עסטער — פלינק, דער לערער — געלאסענער, הויבן זיך אויף אפ די טרעפ־לעך פון די הײַזער און ווארפן אריין בלעטלעך אין די קעסט־לעך.

עסטערן געפעלט אזוי די ארבעט, זי פארגעסט זיך אוש אָן דעם לערער, וואָס גייט לאנגזאמער פון איר אפן צווייטן טראָ־טואר און זי נעמט פליִען פון טרעפל צו טרעפל. גיך, גיך ווארפט זי די בלעטלעך אין די ברייוו־קעסטלעך, שטופט זיי דורך די טירן און אָט איז זי שוין ווײַט פונעם לערער. זי קוקט זיך ניט אום און פליט ווײַטער. פונעם צווייטן ברעג גאס קומט אָן א פּאָליציאנט. ער גייט הארט נעבן די ווענט, מע זאָל אים ניט

באמערקן, זי באמערקט אים אָבער און לױפט שנעל אריבער אפֿ דער צװײטער זײַט גאס, לאָזט זיך אנטקעגן דעם לערער, װאָ־רענען אים. דער פּאָליציאַנט נעמט גײן שנעלער, עסטער לױפט, דער לערער דערזעט זי, ער פארשטײט, װאָס דאָ קומט פֿאָר און אָן אײנ װאָרט לױפן זײ בײדע צו ביזן ברעג גאס, פֿאר־קערעװען זיך, און דורך א באקאנט זײַטיק געסל קומען זײ אָן אהײם. פֿון גרױס צופרידנקײַט גיט זיך עסטער פלינק א דרײ איבערן טראָטואר, גיט א פאטש מיט די הענט, דער לערער װינקט צו איר זי זאָל ניט טומלען, זי הערט ניט, זי לױפט ארױף די טרעפּלעך פֿון איר שטוב, לאָזט איבער אפֿ דער שטי־לער גאס דעם אָפּהילך פֿון איר קלינגענדיקער שטים און פֿאר־שװינדט.

---

באגינען האָבן זיך די קינדער געזאמלט ארום דער ארבעטער־שול. אלע װײַלע איז א קינד געקומען צולױפֿן מיט פרישע נײַעס.

— ארום דער פֿאָלק־שול שטײען אסאך פּאָליציאַנטן, דער פּיִאָנערן־עלטסטער—דזשעק האָט געפּרוּװט ארײַן אינ שול־הױף, האָט מען אים דערלאַנגט מיט א שטיק אײַזן איבערן קאָפּ, איצט ליגט ער באַם כאַװער נעמעראָװ אינ הױז. עסטערס טאַטן צוזאמען מיט נאָך א פּאָר כאַװײרים האָט מען ארעס־טירט.

די עלטערע כאַװײרים גרײטן זיך אױך צו דער דעמאָנסטראַציע. ארום דעם פּראָלעטארישן צענטער רױשט. עס איז געקומען צו־לױפן לענע, א ייִנגל פֿון דער עלטסטער גרופּע און איבערגעגעבן, אז די שול־דירעקטאָרן האָבן ארױסגעשיקט „באַפּערט" (ציװיל־געקלײדעטע געהײם־אגענטן). זײ גײען ארום איבער אלע הײַזער מיט א צעטל אינ די הענט און װו עס געפֿינט זיך א פּיִאָנער ארעסטירן זײ אים. זאָל קײנער ניט גײן אהײם.

— און טאָמער קומען זײ אהער?—האָט אײנער געפרעגט.

— אהער וועלן זיי ניט קומען, דאָ געפינען זיך צופיל על־טערע כאוויירים.

— דזשעק האָט געזאָגט, אז צום מעטראָ זאָל מען גיין איינ־ציקוויַיז, אָדער פּאָרוויַיז און נאָכדעם צונויפזאַמלען זיך אַלע אין איין וואגאָן.

— עסטער איז נאָך ניטאָ, זי דארף ברענגען די פּלאקאטן, עפּשער האָט מען זי אויך ארעסטירט?

צוויי מיידלעך זיַינען אוועק א קוק טאָן.

אפ די גאסן איז אומרויִק. פאריינען גייען אָרגאניזירטערהייט צו דער מעטראָ־סטאנציע, פּאָליציאנטן דרייען זיך ארום מיט קורצע שטעקנס אין די הענט, גרייט צו קלאפּן איבער די קעפּ. די כאוויירים האלטן זיך געלאסן, זיי מיַידן אויס דעם קלענסטן אינצידענט, ענטפערן ניט אפ קיין באליידיקונגען.

די מיידלעך איַילן זיך צו עסטערן, זי קאָן נאָך אמאָל פאר־שפּעטיקן. זיי טרעפן זי שוין אין וועג. עסטער טראָגט א פּאק פּלאקאטן. איר טאטע האָט זיי אָנגעמאָלט. זיי לויפן שנעל צו דער שול. עסטער וויל ניט אויסטאָן דאָס פּיאָנערן־טיכל, אויסער דעם האָט זי נאָך אָנגעטאָן א רויטן באנד אפ דער גריוועקע, זיי לויפן, דער רויטער באנד פלאטערט. מע קומט צום מעטראָ, אפ יעדער סטאנציע קומען צו נייַע דעמאָנסטראנטן. אפ איינער א סטאנציע האָט א כאווערטע צעטיילט די פּיאָנערן קליינע רויטע פאָנעלעך, — „זאָל לעבן דער ערשטער מייַ".

דער מעטראָ־צוג פליט. די פּיאָנערן פאָכען מיט די פאָנעלעך און זינגען. פייַנטלעכע בליקן שטעכן זיי דורך, סימפּאטיקער שמייכלען און אפּלאָדירן. •

מע קומט אָן צום פלאץ, ווו די דעמאָנסטראנטן קליַיבן זיך. די ארומיקע גאסן זיַינען באלאגערט מיט פּאָליציי, ווי צו אן עמעסער מילכאָמע.

דער טאָג איז א הייסער, די אספאלטענע גאסן ברענען, די דעמאָנסטראציע דירט זיך. אין דער צווייטער קאָלאָנע גייען

די פּיאָנערן.- איבערן גאַנצן וועג שטייען צענדליקער טויזנטער מענטשן — אַפּ די טראָטואַרן, באַלקאָנען און דעכער. אַפּ יעדער פּאָר טריט — אַ פּאָליציאַנט.

בא אַ ראָג פון אַ גאַס האָט זיך די פּיאָנערן־קאָלאָנע אָפּגע־שטעלט. די, וואָס זײַנען געגאַנגען פאָרויס, האָבן זיך פאַרהאַלטן. ס'פּליט פאַרבײַ אַ כאַווער אַפּ—אַ מאָטאָציקל—„רויק, כאַווײַרים, לאָזט זיך ניט פּראָוואָצירן".

אַפּן טראָטואַר איז געשטאַנען אַ מענטש מיט אַ רויטן אָנגע־פּרעסענעם קאַרק. ער האָט זיך געקרימט און געררייצט מיט די קינדער. אַמערסטן איז ער צוגעשטאַנען צו עסטערן. ס'האָט אים געשטאָכן אין די אויגן דער רויטער באַנד אַפּ איר קאָפּ. ער האָט געקוקט אַפּ איר מיט גיריקע אויגן און געמאַכט דער־בײַ שיקערע האַווײַעס. קיינער האָט אַפּ אים קיין אַכט ניט גע־לייגט. דאָס האָט אים נאָכמער אופגערעגט. ער האָט אַרויסגע־צויגן פון קעשענע אַ קליין אַמעריקאַנער פּאָנעלע מיט געלע שטערנדלעך און שטרייפן, דערמיט געפּאָכעט איבער די קעפּ פון די קינדער און זיך געזידלט, קיינער האָט אים ניט געענט־פערט, ער האָט שיר געפּלאַצט פאַר קאַעס. סאָפּקאָלסאָפּ האָט ער ניט אויסגעהאַלטן, האָט אַ ריס געטאָן פון עסטערס האַנט די רויטע פּאָן—„זאָל לעבן דער ערשטער מײַ", אַרומגעכאַפּט זי מיט אײַן האַנט בא דער טאַליע און מיט דער צווייטער האַנט געשפּאַרט איר אין פּאָנעם אַרײַן דאָס אַמעריקאַנער פּאָנעלע.

עסטער האָט זיך אָנגעצונדן, ווי אַ קאַץ האָט זי אַ שפּרונג געטאָן אַפּ דעם מיעסן מענטשן, האָט אים צעדראַפּעט דאָס פּאָ־נעם, געקלאַפּט מיט די פויסטן. קיינער האָט נאָך ניט באַוויזן אַרײַנצומישן זיך און דער גראָבער נעפּעש האָט זיך שוין אַ קײַקל געטאָן און איז געפאַלן. עסטער האָט אים געשפּיגן אין פּאָנעם אַרײַן, ווילד געטראָטן מיט די פיס זײַן הוט, וואָס איז אים אַרונטערגעפלויגן פון קאָפּ און דאָס פּאָנעלע, וואָס איז בא־אים אַרויסגעפאַלן פון האַנט. די פּיאָנערן האָבן אים גלײַך

אַרומגערינגלט און שיר ניט אומגעבראַכט. דער מענטש האָט זיך קוים אופגעהויבן, געוואַקלט זיך אַ שיקערער אָפּ די פיס, און, אונטער דעם געלעכטער און כוזעק־אויסגעשרייען פון די אַרומיקע, קוים אַנטלאָפן.

די דעמאָנסטראַציע האָט זיך ווײַטער געפירט. עסטער האָט פאַריכט דעם רויטן באַנד אַכן קאָפּ, פאַרהייבן הויך די רויטע פאָן. אין די אויגן זײַנען איר געשטאַנען צוויי גרויסע טרערן פון זיג.

# דאָס העלדישע נעגערל

— עבינעזער, עבינעזער!—זײַנ מאמע בויגט ארויס דעמ קאָפּ דורכנ פענצטער, אירע גרויסע, מוטנע־בלוילעכע אויגנ זײַנעג צעשראָקנ, זי רופט איר יינגל אינ שטוב ארײַנ.

עבינעזער, א יינגעלע מיט געדיכט־נידעריקע, זײַדנ־שווארצע קרײַזעלעכ אפנ קאָפּ, אז ער דערזעט זײַנ מאמענ אינ פענצטער, קערט ער זיכ אָפּ פונ די קינדער אינ גאס, לויפט ארײַנ אינ קאָרידאָר אונ פארשווינדט.

דאָס הינטעלע סייוויאָר[1], כאָטש מע האָט עס ניט גערופנ, לויפט נאָכ עבינעזערנ אונ פארשווינדט צוזאמענ מיטנ יינגל.

די שכיינים האָבנ באמערקט, אז די פרוי זשאָנסאָנ (אזוי האָט־מענ גערופנ עבינעזער׳ס עלטערנ) שרעקט זיכ, זי האָט ניט צו קײנעמ קיינ צוטרוי. ס׳קאָנ טרעפנ, אז די טיר פונ זייער צימער איז אָפנ, צופעליק גייט עמעצער פארבײַ אונ גיט ניט ווילנדיק א קוק אהינ, לויפט זי גלײַכ צו מיט א פאָר צעשראָקענע אויגנ אונ פארהאקט די טיר, דאָס הינטל פארגייט זיכ אינ א בילערײַ.

דעמ פאָטער זעט מענ ניט גאנצע טעג, פארנאכט קומט ער אהיימ פונ דער ארבעט. א הויכער, שיינער נעגער, מיט אזעלכע ווײַסע ציינ, אז יעדעס מאָל, ווענ ער עפנט די ליפּנ, גיבנ די ציינ א בליאסק.

---

[1]) סייוויאָר איז אפ ענגליש—א רעטער, אנ אויסלייזער.

באנאכט קאָן מען הערן, ווי די פרוי זשאָנסאָן זינגט א ליד־עלע (עפשער עבינעזערן) צום שלאָפן גיין:

אַלטע קו, אַלטע קו,
וווּ איז דײַן קעלבעלע?
דאָרט, אַף יענער זײַט,
אַף דער לאָנקע, ווײַט.
פליגן און רויב־פויגל
פּיקן עס אויס די אויגן,
און דאָס קעלבעלע וויינט—
מא־מע!

אַמאָל זינגט זי דאָס זעלבע לידעלע, נאָר וועגן א שעפּס און א לעמעלע:

שווארצער שעפּס, שווארצער שעפּס,
וווּ האָסטו געלאָזן דײַן לעמעלע?
אַף דער לאָנקע, ווײַט,
דאָרט, אַף יענער זײַט.
שא, שטיל, בײַ, בײַ,
ניט וויין, ניט שרײַ.
שלאָף אײַן מײַן קינד—
מײַן לעמעלע שיינס,
באהיט פון שלעכטס,
שלאָף אײַן מײַן קליינס,
בײַ, בײַ.

ס'איז שטיל אינגאנצן הויז, דורך אַלע אָפענע פענצטער דרינגט אַרײַן איר פארבענקט, ציטעריק קאָל.

די זשאָנסאָנס לעבן אָפּגעזונדערט פון די שכיינים, איין נעגער־פאמיליע צווישן א גאנצע הויז ווײַסע.

עבינעזערן איז אומעטיק, ער האָט זיך ניט מיט וועמען צו שפּילן, עס ציט אים אין דרויסן, צו די קינדער. קומט ער אָבער נאָר ארויס אין גאס מיטן הינטל, אזוי באווײַזט זיך גלײַך די מאמע דורכן פענצטער און נעמט רופן: עבינעזער, עבי־נעזער!

די קינדער ווילן ווערן כאָטש מיט עבינעזערן, זיי ווילן אויך שפּילן מיטן הינטל, זיי רופן עס, זיי ווילן עס געבן עסן, נאָר עס נעמט ניט און גייט צו קיינעם ניט צו.

— עבי (אין אמעריקע פאַרקירצט מען נעמען), עבי — רופן אים די קינדער — קום זיך שפּילן. — דאָס נעגערל שמייכלט, און זיינע קײַלעכיקע, מוטנע־בלויִלעכע אויגן, פונקט ווי דער מאַמעס, קוקן צעשראָקן.

וואָס מער עבי מיטן הינטעלע האַלטן זיך דערווײַטערט פון די קינדער, אַלץ מער ווילן די קינדער זײַן נאָענט מיט זיי. עבי מיטן הינטעלע זײַנען געוואָרן א מין רעטעניש, און די קינדער ווילן לייזן די רעטעניש.

אביסל זײַנען שוין די קינדער דערגאַנגען, — אַז די זשאָנסאָנס קומען פון א ווײַטן שטאַט אין דאָרעם, און, — אַז דאָס הינטעלע האָבן זיי געבראַכט מיט זיך אויש פון יענער שטאַט.

— אויש פון אזוי ווײַט?

— יאָ, פון אזוי ווײַט, זעסטו דאָך.

— וואָס זשע קאָן עס זײַן פאַר א הינטעלע וואָס מע פירט פון אזוי ווײַט? און פאַרוואָס רופט מען עס סיוויאַר?

— און פאַרוואָס גייט עס צו קיינעם ניט צו, וויפל מע זאָל עס ניט רופן, און וואָס מע זאָל עס ניט געבן?

— איך האָב געהערט, ווי עבין האָט געזאָגט זײַן מאַמע, ער זאָל זיך היטן פאַר די ווײַסע, — האָט דערציילט מײַע, א מיידע־לע מיט א ייִנגלש אָפּגעשאָרן קעפּל. מײַע וווינט א טיר קעגן א טיר מיט עבינעזערן.

ס'איז זומער, די שולן זײַנען פאַרמאַכט, די גאַסן זײַנען אָנ־געגליט און די קינדער האָבן זיך ניט וווּ אהינצוטאָן; זיצן זיי אין די קילע קאָרידאָרן און טראַכטן צו פאַרשיידנסטע שפּילן. איינע פון די רעגנדיקסטע שפּילן איז, אראָפּגליטשן זיך פון טרעפּ־פּאַרענטש פון אַלע זעקס שטאָק מיט איין אָטעם. פאַר־שטייט זיך, אז מע קאָן דערבײַ ברעכן האַלדז און אַקן. אָבער

וואָס קאָנען טאָן קינדער, וואָס האָבן ניט קיין באקוועמערע שפילן? עבינעזער זיצט אפ א טרעפל אין קאָרידאָר, נעבן אים ליגט דאָס הינטל, האלט ארויסגעשטעקט די צונג און פרײַכט פון היץ. די פליגן דערקוטשען עס, גיט עס אלע ווײַלע א קורצן האוו-קע—האוו! און כאפט א פליג מיטן פיסקל. די קינדער געפעלט עס, זיי לאכן און רופן דעם הינטל—סייוויאָר, נא, סייוויאָר, ביסט א קלוג הינטל.

איינמאָל האָט זיך א ייִנגל, ארונטערגליטשנדיק זיך פון טרעפ-פארענטש, אָנגעשטויסן אפ עבינעזערן. דאָס נעגערל האָט זיך אזוי דערשראָקן, אז ער האָט גענומען שרײַען מיט מאָדנע קוי-לעס, דאָס הינטל האָט זיך שיר ניט צעריסן בילנדיק, ס'איז גע-לאָפן אפ די טרעפ ארויף און אראָפ, ווי א רוער. עבינעזערס מאמע איז געקומען צו לויפן ניט טויט, ניט לעבעדיק, געכאפט דאָס ייִנגל באם האנט און אָן אָטעם זײַנען אלע דרײַ אנטלאָפן אין שטוב ארײַן און פארהאקט די טיר הינטער זיך. די קינדער האָבן ניט פארשטאנען פארוואָס עבינעזער האָט זיך אזוי צע-שריִען, עפשער האָט ער געכאפט א שטארקן קלאפ? האָט אָבער דאָס ייִנגל, וואָס האָט זיך אָן אים אָנגעשטויסן, פארזיכערט, אז ער האָט עבינעזערן קוים אָנגערירט, ווײַל אויב ניט, וואָלט ער דאָך אליין אויך געווען צעקלאפט—נאט, זעט, גיט א קוק—האָט ער אלעמען געוויזן דעם קאָפ. איז ווײַזט אויס, אז ער האָט זיך דערשראָקן. מאָדנע!

נאָך דער געשיכטע האָבן זיך עבי מיטן הינטל ניט באוויזן א וואָך צײַט ניט אין קאָרידאָר, ניט אין גאס.

זונטיק ארבעט ניט עבינעזערס טאטע, ער זיצט אין דרויסן, קוקט ווי די קינדער שפילן זיך, שמייכלט און זײַנע ווײַסע ציין בלאנקען. ער, ווי ס'איז צו זען, שרעקט זיך ניט אזוי פאר די ווײַסע שכנים ווי זײַן פרוי און עבינעזער. פארקערט, ער בא-גריסט זיך מיט אלעמען, גיט אמאָל א זאָג, קעדיי צו פארפירן א געשפרעך—הייס, א הייסער טאָג הײַנט. ווען די קינדער רופן

דעם הינטעלע העלפט ער זיי צו, ער שרײַט צו דעם—גיי, סײַ־וויאָר, גיי, האָב קיינע מוירע ניט. ווען דער טאטע זיצט אין דרויסן, פילט זיך עבינעזער אויך פרײַער, ער דערלויבט זיך אפילע שפילן מיט די קינדער אין באַל. די מאמע בלויז קומט ניט ארונטער אין גאס, זי שטייט נאָר ארויסגעבויגן דורכן פענצ־טער און קוקט מיט אירע פארבלאָנדזשעטע אויגן אפן מאן און אפן יינגעלע.

עבינעזערס טאטע האָט א בענזשאָ[1]). אָוונט־צו נעמט ער זי מיט זיך אין דרויסן און שפילט. די קינדער רינגלען אים ארום און הערן. עבינעזערס טאטע זינגט א ליד און אקאָמפאנירט זיך אליין אפ דער בענזשאָ. ער שמייכלט אזוי גוטמוטיק צו די קינדער, אז זיי דערלויבן זיך צוגיין גאָר נאָענט צו אים און אפילע אָנרירן דעם אינסטרומענט.

— דו ביסט א פײַן קינד—האָט ער איינמאָל א זאָג געטאָן צו מײַען, דאָס מיידעלע מיטן יינגלש־געשאָרענעם קעפל, ער האָט איר אָנגערירט דעם פיאָנערן־האלדזטוך און געפרעגט—דו ביסט א פיאָנערקע? איך האָב ליב די פיאָנערן.

— פארוואָס זשע האָט עבי מוירע פאר אונדז?—האָט אים מײַע געפרעגט,—אָט, אז דו ביסט דאָ—ניט, נאָר א גאנצע וואָך אנטלויפט ער פון אונדז, מיר רופן אים שפילן זיך און ער אנט־לויפט. דאָס הינטעלע אויך.

— עבי דארף ניט מוירע האָבן פאר אײַך, איר זײַט גוטע קינדער. עבי, שפיל זיך מיט זיי, האָב קיין מוירע ניט,—האָט ער זיך געווענדעט צום יינגל.

— איך האָב געהערט, ווי זײַן מאמע האָט אים פארזאָגט, ער זאָל זיך היטן פאר די ווײַסע, פארוואָס?

— זי האָט ניט אײַך געמיינט.

---

[1]) בענזשאָ—א מוזיקאלער אינסטרומענט, וואָס ווערט באנוצט אין נעגערישע אָרקעסטערן.

— וועמען דען?

— יענע, די ווײַסע פֿון דאָרעם. אוי, אָט יענע פֿון דאָרעם! — ער האָט דאָס געזאָגט און אויך אין זײַנע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ שרעק.

— ווער זײַנען זיי?

— און עבינעזער, קינדער, דאַרפֿט איר וויסן, איז אַ טײַער יינגל, און סייוויאַר איז אַ ווױל הינטל, קינדער. ווען ניט זיי, אוי, ווען ניט זיי, וואָלט איך שוין ניט געלעבט.

— דערציילט אונדז, פּעטער זשאָנסאָן, דערציילט.

— איך האָב געאַרבעט אַף אַ פֿערמע בײַ אַ רײַכן באַלעבאָס אַף דאָרעם. אַסאַך שוואַרצע זײַנען מיר געווען און אויך ווײַסע אַרבעטער. מיר האָבן ווייניק פֿאַרדינט און געאַרבעט האָבן מיר שווער, יאָ, שווער. און פֿײַניקן פֿלעגט מען יאָ, פֿײַניקן.

די קינדער זײַנען געזעסן אַפֿן טראָטואַר, אין שאָטן. אַ קיל ווינטל האָט פֿון צײַט צו צײַט אַ בלאָז געטאָן איבער די פֿאַרשוויצטע פּנימער. עבינעזער איז געזעסן נעבן טאַטן און זיך קימאַט געקלאַמערט אין אים, סייוויאַר האָט געקוקט אים מויל אַרײַן, אַ שטייגער, ווי עס וואָלט פֿאַרשטאַנען יעדעס וואָרט.

— האָבן מיר דערקלערט אַ שטרײַק. איך בין געווען איינער פֿון די שטרײַק־פֿירער.

— איר זײַט אַ קאָמוניסט, פּעטער זשאָנסאָן?

— דעמאָלט בין איך נאָך ניט געווען. די ווײַסע באַלעבאַטים האָבן אָבער געזאָגט, אַז איך האָב זיך אָנגעשטעקט מיט קאָמוניסטישע אידייען, ז... האָבן געסטראַשעט, אַז זיי וועלן מיך לינטשעווען.

— לינטשעווען?

— איינמאָל פֿאַרנאַכט, איך בין גראָד אין שטוב ניט געווען, כ'בין אַוועק צונויפֿרײדן זיך מיטן שטרײַק־קאָמיטעט, און דאָס איז געווען מײַן גליק, זײַנען אַ באַנדע ווײַסע באָסעס (באַלעבאַטים) באַפֿאַלן מײַן הויז, גענומען שלאָגן מײַן פֿרוי, זי זאָל

זאָגן ווי איך געפינ זיך. עבינעזער האָט זיך ארויסגעגאנוועט פונ שטוב, ער האָט געוווּסט, אז איך געפינ זיך אפ יענער זײַט טײַך. אָ, עבי, מײַנ טײַער יינגל — ער האָט אימ א גלעט געטאָן אי־בער די געדיכטע קרײַזעלעך — אונ דאָס הינטל נאָך אימ. זיי זײַנען געלאָפּנ צומ טײַך, קיינ שיפל איז ניט געווענ, די ווײַסע האָבנ אלע שיפלעך באהאלטנ, טאָמער וועל איך זיך וועלנ ראטעווענ פונ זיי, איבערנ טײַך. אָ, עבי, מײַנ טײַער יינגל, ער האָט זיך ארײַנגעוואָרפנ אינ טײַך אונ גענומענ שווימענ צו מיר, דאָס הינטל נאָך אימ. איז ער געשווומענ, געשווומענ ביז ער איז אָפּגעשטאנענ, דאָס הינטל איז געשווומענ פלינקער פונ אימ, אָט זײַנענ זיי שוינ באמ ברעג, נאָר עבינעזער, מײַנ טײַער יינגל, קוימ וואָס ער האלט זיך אפנ וואסער, ער טרינקט זיך, איז סייוויאָר ארויסגעשפרונגענ אפנ ברעג אונ גענומענ בילנ, בילנ. איך האָב פונ ווײַטנ דערהערט, איך בינ פונקט צו דער צײַט געקומענ, כ'האָב ארויסגעראטעוועט מײַנ עבי, מײַנ טײַער יינגל, ער האָט מיר אלצ דערציילט. כ'האָב עבינ מיטנ הינטל געלאָזט באמ ברעג אונ אליינ בינ איך אנטלאָפנ.

— אונ זיי האָבנ אײַך ניט געכאפּט, פעטער זשאָנסאָנ? — האָבנ די קינדער געפרעגט מיט א פארכאפּטנ אָטעמ.

— איך בינ לאנג געלעגנ באהאלטנ אינ וועלדער אונ אינ היילנ, אלע טאָג זײַנענ די ווײַסע באָסעס געקומענ צו מיר אהיימ, גע־שלאָגנ אונ געפּײַניקט מײַנ פרוי, עבינ געשלאָגנ, אפילע סיי־וויאָרנ האָבנ זיי געשלאָגנ.

דאָס הינטל האָט א ביל געטאָנ, ווענ מע האָט דערמאָנט זײַנ נאָמענ, פונקט ווי עס וואָלט געוואָלט באשטעטיקנ, אז אלצ איז ריכטיק.

— איינמאָל באנאכט בינ איך געקומענ שטילערהייט אהיימ, כ'האָב גענומענ מײַנ פרוי, עבינעזערנ. אלצדינג האָבנ מיר גע־לאָזנ אפ העפקער, בלויז דאָס הינטל האָבנ מיר גענומענ מיט זיך אונ מיר זײַנענ פונ דאָרטנ אוועק. אונ דעמלט טאקע האָבנ

מיר עס א נאָמען געגעבן סייוויאַר, ווײַל ס'האָט געראַטעוועט עבינעזערס לעבן און אויך מײַן לעבן. פרײַנט האָבן אונדז געהאָלפן אנטלויפן, ווײַסע אויך — קאָמוניסטן. מיר זײַנען געקומען אהער, קיין ניו־יאָרק, דאָ, צווישן כאווײרים וועלן מיר זײַן זיכערער.

ס'איז שוין געווען טונקל אין דרויסן ווען זשאָנסאָן האָט געענדיקט דערציילן די געשיכטע, די קינדער האָבן אָפּגעזיפצט, אין זייערע אויגן האָבן איצט עבינעזער מיטן הינטל אויסגעזען ווי העלדן.

די קליינע מײַע, מיטן יינגלש־אָפּגעשאָרענעם קעפּל, איז אזוי גערירט געווען פון דער געשיכטע, אז זי האָט א כאַפּ געטאָן איר פּיאָנערישן צייכן, אָנגעטאָן עס עבינעזערן און געזאָגט — איך שענק עס דיר א מאַטאָנע, דו ביסט א העלד!

# אן אײַנפאל

זעלדע האָט געזאמלט געלט אין א קלײן אײַזערן קאסעלע. א פּאָשעט קאסעלע, פון אױבן א שפּעלטל אריַינצוװארפן מאט־בײעס.

זי האָט דאָס קאסעלע זײער ליב געהאט. זי פלעגט עס מיט־ברענגען אין שול אריַין און באוויַיזן די קינדער.

— אָט דאָ װארפט מען אריַין דאָס געלט. אָט דאָ אינעװײ־ניק ליגט עס. הערסט, עס קלינגט. — זי טוט עס א טרײסל, דאָס פּאָנעם — איין שטיק שמײכל.

זעלדעס עלטערן זיַינען נאָך קײנמאָל ניט געקומען באזוכן די ארבעטער־שול. און צוליב דעם אלײן האָט שוין זעלדע אויסגעזען אביסל װי א פרעמדע. אלע קינדער האָבן געהאט עפּעס װאָס צו דערצײלן װעגן דער הײם, זעלדע — גאָרנישט. בײס אזעלכע שמועסן פלעגט זי זיצן אן אומעטיקע, צוהערן זיך פארטראכטערהײט, מעקאנע זיַין און אפילו אָן איר קאסע־לע פארגעסן.

איר טאטע איז געװען א שװארץ־ארבעטער, פארנאכט פלעגט ער קומען פון דער ארבעט, אָפּעסן װעטשערע, ארויסנעמען דעם „פאָרװערטס", לײענען מיט די ליפּן, װי ער װאָלט געדאװנט, און זיצנדיק באם טיש אנשלאָפן װערן מיט א כראָפּערײַ. זעל־דען האָט ער קײנמאָל ניט געפרעגט װאָס זי טוט, װי זי לערנט; די מאמע — א פארהאָרעװעטע פרוי מיט צװײ קלײנע קינדער אף די הענט, איז אלעמאָל געװען בײז. ניט אײן מאָל האָט זעלדע

געקראָגן א שטויס ביים זי האָט, ווי א קינד, געוואָלט זיך מיט עפּעס אויספּײַנען.

— ווײַז מיר ניט, פּרעג מיך ניט, כ'האָב גענוג קאָפּדרייעניש אָן דיר אויך, געלערנטע מײַנע!

אפילע דאָס קאסעלע האָס זעלדע ניט געהאט אינדערהיים ווען צו ווײַזן. זי פלעגט עס דערפאר מיטברענגען אין שול ארײַן, ווײַזן די קינדער.

פון שול פלעגט זי אלעמאָל אוועקגיין ניט גערן. אפן לערער פלעגט זי קוקן מיט א געבעט. זי האָט אים ליב געהאט ווי אסאך אנדערע קינדער, נאָר זי האָט זיך קיינמאָל ניט דערלויבט אזוי פרײַ ארויסצוווײַזן עס, ווי אנדערע. זי האָט זיך געשעמט. איינמאָל בלויז, האָט זי זיך אָנגענומען מיט מוט און באוויזן דעם לערער דאָס קאסעלע.

— כ'האָב שוין א דאָלער מיט נײַנצן סענט, לערער.

— אסאך געלט, וואָס וועסטו טאָן דערמיט?

— איך ווייס ניט.

זי האָט זיך פארטראכט. אפּאָנעם, אז זי האָט ביז איצט אליין ניט געוווּסט וואָס זי וועט טאָן דערמיט.

אין שול פלעגן אָפט פאָרקומען קאָנצערטן, פארווײַלונגען. דעמלט פלעגן זיך פארזאמלען די עלטערן מיט די קינדער, אזא מין אָוונט איז געווען א גאנצער יאָנטעוו אין שול. די עלטערן האָבן געקליבן נאכעס פון זייערע קינדער, וואָס דעקלאמירן, זינגען, פירן אופ שפילן. זעלדעס עלטערן זײַנען קיינמאָל ניט געקומען צו אזעלכע אָוונטן. זעלדע פלעגט קומען מיט עמעצן פון די נאָענטע שכיינים און האלטן זיך נעבן זיי, ווי נעבן קרויווים, מומעס.

אין שול פלעגט איינמאָל אין וואָך קומען א לערערן פון טאנצן. די יינגלעך האָבן בעסער געוואָלט שפּילן באַל, די מיידעלעך האָבן געטאנצט. דערפאר צו א קאָנצערט האָבן זיך די

מיידעלעך אויסגעפוצט אין די שענסטע קאָסטיומען. אָנגעטאָן די קאָסטיומען, איז מען ארויסגעטראָטן מיט פארשיידענע טענץ.

קאָסטיומען האָט מען געמאכט פאר אייגענע געלט. אופגענייט האָבן עס די עלטערן.

זעלדע איז אלעמאָל געבליבן אָן א קאָסטיום. די קינדער האָבן צו איר געשריִען: — האָסט דאָך א קאסעלע, נעם ארויס, קארגע!

זעלדען איז ניט אזוי א שאָד געווען דאָס געלט, וואָס זי האָט אָנגעזאמלט, כאָטש דאָס איז איר אָנגעקומען שווער; באמ טאטן האָט זי זעלטן געקראָגן א סענט, בא דער מאמען קיינ־מאָל ניט, דעם דאָלער מיט ניינצן סענט האָט זי געזאמלט שוין מער, ווי א יאָר. זעלדען איז א שאָד געווען צעשיידן זיך מיטן קאסעלע, דאָס איז געווען איר איינציקע שפּילצייג, די איינציקע זאך מיט וואָס זי האָט זיך געקאָנט בארימען.

זעלדען האָבן גוטע כאווערטעס געמאכט א קאָסטיום. ווען זי האָט אים געטראָגן האָט זי פארגעסן אָן אירע ליידן און זיך געפרייט גלייך ווי אלע קינדער.

נאָך א קינדער־קאָנצערט רעדט מען זייער פיל וועגן אלץ, וואָס האָט פּאסירט. ווער ס'האָט בעסער געשפּילט, געטאנצט, געזונגען. און וועמעס קאָסטיום ס'איז געווען דער שענסטער.

— דו ביסט א בעריע, אז דיין מאמע איז אליין א שניידער־קע. ווען מיין מאמע וואָלט געווען א שניידערקע, וואָלט זי מיר אופגענייט נאָך א שענערן קאָסטיום פון דיינעם.

— מיין קאָסטיום האָט אופגענייט מיין טאטע.

— מיין טאטע און מיין מאמע האָבן ניט געוואָלט גיין צום קאָנצערט — האָט זעלדע געזאָגט.

— דיין טאטע לייענט דעם „פאָרווערטס“, מיינסט אז מע ווייסט ניט, — האָט געזאָגט מאלקע, א מיידעלע מיט רויטע בע־קעלעך, מיט א מיילכעלע אפּ שרייפעלעך, אז מע פאָרט אין מעטראָ וויל זי דאחקע זינגען אלעמען אפּ צולאָכעס, זי איז א מיידעלע, וואָס האָט ליב ס'זאָל רוישן.

— דײַנ טאטע לײענט דעם „פֿאָרווערטס“, האָט ער א פֿאר־שטאָפּטנ קאָפּ; הײַנט װײסטו שוינ?

— איכ װײס ניט װאָס ער לײענט, כ'האָב קײנמאָל ניט גע־קוקט. אז ער זעצט זיכ אװעק לײענענ באַנאכט די צײַטונג, װערט ער אנשלאָפֿנ—האָט זעלדע געזאָגט.

— דו זאָג אימ ער זאָל לײענענ די „מאָרגנ־פֿרײַהײַט“, װעט ער װערנ באַװוסטזיניק, װעט ער אויכ קומענ.

די קינדער האָבנ געקוקט אפֿ זעלדענ מיט מיטגעפֿיל, זי איז געבליבנ זיצנ פֿארשעמט, געשװיגנ און דערנאָכ א זיפֿצ געטאָנ.

זעלדע איז אהײמ געגאנגענ א פֿארטראכטע. נעבנ איר שטוב שטײט א פֿרוי־בא א טישל און פֿארקויפֿט צײַטונגענ. זי האָט זיכ אָפּגעשטעלט און געקוקט: ס'ליגנ פֿארשײדענע צײַטונגענ. זי האָט געזוכט מיט די אויגנ און באמערקט די „מאָרגנ־פֿרײַהײַט“. זי האָט זיכ אװעקגעשטעלט אינ א װינקעלע, ארויסגענומענ פֿונ קאסעלע דרײַ סענט און געקויפֿט א „מאָרגנ־פֿרײַהײַט“. די צײַטונג האָט זי ארײַנגעלײגט צװישנ אירע ביכער און ארײַנ אינ שטוב א צעדרודערטע.

פֿארנאכט, דער טאטע איז געקומענ פֿונ דער ארבעט, אויס־געטאָנ דעמ מאנטל און אופֿגעהאנגענ אפֿנ װאנט. זעלדע איז געזעסנ באמ טיש, און געקוקט אהינ, װוּ עס איז געהאנגענ דעמ טאטנס מאנטל. פֿונ קעשענע האָט זי געזענ, שטעקט ארויס דער פֿאסקודנער „פֿאָרווערטס“. דער טאטע איז אפֿ א װײַלע ארויס, זעלדע האָט זיכ שנעל אופֿגעהויבנ, איז צו צומ טאטנס מאנטל, ארויסגענומענ דעמ „פֿאָרווערטס“ און ארײַנגעלײגט די „מאָרגנ־פֿרײַהײַט“. מיט א קלאפֿעדיק הארצ איז זי געזעסנ און קלוימערשט װײַטער געמאכט איר שטוב־ארבעט, פּונקט װי עס װאָלט גאָרנישט געשענ. זי האָט, אָבער אלעװײַלע א קוק גע־געבנ צומ טאטנ.

װי שטענדיק האָט דער טאטע ארויסגענומענ די צײַטונג פֿונ

מאנטל־קעשענע, אוועקגעלייגט נעבן זיך און גענומען עסן ווע־טשערע.

ער עסט און קוקט אַף דער צײַטונג, גיט איינמאָל א קוק, נאָכאמאָל א קוק, לייגט אוועק דאָס לעפל, נעמט די צײַטונג איןביידע הענט אַרײַן, צעעפנט זי און באטראכט פון אלע זײַטן — ס'איז עפּעס ניט דאָס. אַף דער לײַטער זײַט באמערקט ער א קאריקאטור, עפּעס זייער א טשיקאַווע צייכענונג: „א גראָבער בורזשוי זיצט בא א טיש, פרעסט א גרויסן שטיק פלייש, די אויגן קריכן אים פון קאָפּ ארויס, סליונע רינט אים פון מויל, די מאָרדע איז־אים אונטערגעבונדן מיט א גרויסער סאלפעטקע, פארבונדן אַפן קארק און דאָס מאכט אים ענלעך אַף א גרויסן פעטן כאַזער. דערנעבן שטייט א מאָגערער, אויס־געדארטער ארבעטער און בעט הילף. הינטער דעם ארבעטער א פרוי מיט צוויי קליינע קינדער אַף די הענט, דער פעטער כא־זער פארשטעלט דאָס פלייש מיט ביידע הענט".

זעלדע זעט, ווי איר טאטע קוקט פארטיפט. ווײַזט אויס, אז עס געפעלט אים. עס ווערט איר לײַכטער אַפן הארצן. זי דער־לויבט זיך שוין א ביסל אופהייבן דעם קאָפּ און קוקט דרייס־טער.

דער טאטע קערט איבער די צײַטונג פון איין זײַט אַף דער אנדערער, לייענט און ווערט גאָר ניט אנשלאָפן ווי אלעמאָל, פארקערט, זי זעט, ווי אָט פארדריסט אים עפּעס און ער ברומט בייז, און אָט געפעלט אים עפּעס און ער שמייכלט צופרידן.

די קליינע קינדער שלאָפן שוין. די מאמע נעמט צו די גע־פעס פון טיש, זי איז בייז און שרײַט צו זעלדען זי זאָל גיין שלאָפן: —

— גיי שוין שלאָפן, געלערנטע מײַנע, ווער האָט קויעך צו אײַך.

זעלדע גייט שלאָפן. די ביכער און די העפטן לייגט זי פאָר־זיכטיק ארײַן אין רענצל, זי האָט נאָך אלץ מוירע דער טאטע

זאָל ניט באמערקן, אז זײַן „פאָרווערטס" געפינט זיך בא איר. מאָרגן, טראכט זעלדע, וועל איך ווידער קויפן א „מאָרגן־פרײַ־הײַט" און ווידער טאָג דאָס זעלבע. אין געדאנק ציילט זי איבער וויפל געלט עס וועט איר נאָך בלײַבן: זי האָט געהאט א דאָלער מיט נײַנצן סענט, דרײַ סענט האָט זי הײַנט אויסגעגעבן, דרײַ וועט זי אויסגעבן מאָרגן, וועט איר בלײַבן א דאָלער מיט דרײַצן.

זעלדע ליגט אין בעט און קאָן ניט אזוי שנעל אײַנשלאָפן. פארשיידענע געדאנקען קריכן איר אין קאָפּ. מאָרגן, טראכט זי, וועט זי שוין אויך עפּעס האָבן וואָס צו דערציילן אין שול און מאלקעלע וועט שוין ניט קאָנען אזוי קאָמאנדעווען.

זעלדע איז אנשלאָפן געוואָרן מיטן לעצטן געדאנק, אז מאָרגן וועט זי ווידער...

---

א גאנצן טאָג איז זעלדע געזעסן אין שול אומרויִק. זי האָט זיך שוין קוים געקאָנט דערווארטן אפּן אָוונט. נאָכן לערנען איז זי שנעל אוועק, געקויפט א „מאָרגן־פרײַהײַט", זיך געזעצט, ווי נעכטן, באַם טיש, קלוימערשט מאכן איר שטוב־ארבעט, און ווען דער טאטע האָט אופגעהאנגען דעם מאנטל אפן וואנט און איז א ווײַלע ארויס, איז זעלדע שנעל צוגעלאָפן, א כאַפּ געטאָן פון זײַן מאנטל־קעשענע דעם טאטנס צײַטונג און געוואָלט ארײַנלייגן איר צײַטונג, זי איז אָבער געוואָרן דערשטוינט, ביידע צײַטונגען זײַנען געווען די זעלבע, אירע און דעם טאטנס. דער טאטע האָט שוין מער ניט געבראכט אהיים דעם „פאָרווערטס" נאָר די „מאָרגן־פרײַהײַט".

---

זעלדע האָט דערציילט די מײַסע אין שול. מאלקעלע האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאלטן און ארויסגעפּראלט: „א, וואָס האָב איך געזאָגט!" די קינדער האָבן געשריִען:—בראוואָ, זעלדע, איצט ביסטו שוין ווערט זײַן א פּיאָנערקע.

# דאָס ערשטע מאָל אין קינאָ

שאַרלאָט איז א שיינער נאָמען, און דער נאָמען איז ניט אראָפּ פון די ליפּן.

— זי הייסט שאַרלאָט.

— פון קענטאָקי קומט זי אהער, צוזאמען מיט נאָך א יונגינקן שאכטיאָר.

א קינדער־דעלעגאציע פון די שאכטיאָרן, זי וועט ריידן אפן גרויסן מיטינג אין סקווער.

— מאָרגן קומען זיי.

די פּיאָנערן האָבן זיך געגרייט צו באגעגענען די צוויי קינ־דער, וואָס די שטרייקנדיקע שאכטיאָרן אין קענטאָקי און אין וועסט־ווירדזשינע האָבן געשיקט איבערן לאנד זאמלען הילף.

די ניו־יאָרקער פּיאָנערן האָבן שוין ניט געהאט קיין געדולד צו ווארטן און שאַרלאָט מיטן יונגן שאכטיאָר, נאָך גאָר א יינגל, זיינען לאנג געפאָרן פון קענטאָקי אהערצו.' אפן וועג האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אין פארשיידענע שטעט, ווו די אר־בעטער האָבן אָרגאניזירט גרויסע מיטינגען, קעדיי צו זאמלען הילף פאר די שטרייקער.

זיי זיינען געווען אין באלטימאָר, אין פּיטסבורג, אין פילא־דעלפיע, און ערשט גאָר צום סאָף זיינען זיי געפאָרן קיין ניו־יאָרק. די צוויי קינדער זיינען שוין געווען פארמאטערט פון דער לאנגער רייזע און פון דעם קעסיידערדיקן ארויסטרעטן אף די מאסן־מיטינגען.

די קינדער האָבן נאָך קיינמאָל ניט געהאט געזען קיין גרויסע שטאָט, זיי זײַנען געבאָרן געוואָרן אין א שאכטיאָרן־שטעטל אינעם קוילן־ראיאָן. אזעלכע שטעטלעך געהערן געוויינטלעך צו די קוילן־קאָמפּאניעס. דער שאכטיאָר פארמאָגט דאָרט גאָרניט, אויסער די הענט. די הײַזער, וווּ די שאכטיאָרן וווינען, געהערן צו די באַלעבאטים, אפילע די קראָמען געהערן אויך צו די באַלע־באטים. דאָס, וואָס דער שאכטיאָר פארדינט בא דער קוילן־קאָמפּאניע, מוז ער צוריק אויסגעבן אין זייערע קראָמען. שטרײַקט ער, ווארפט אים די קוילן־קאָמפּאניע ארויס פון דער דירע; שארלאָט איז געבאָרן געוואָרן אין אזא שאכטיאָרן־שטעטל. ווען זי איז נאָר עטוואָס אונטערגעוואקסן, איז זי אוועק ארבעטן צוזאמען מיט די עלטערן אין א שאכטע. קיינ־מאָל אף איר לעבן איז זי ניט ארויס פון שטעטל, קיינמאָל אף איר לעבן האָט זי נאָך אפילע קיין קינאָ ניט געזען. פון די שאכטעס ביז דער נאָענטסטער שטאָט האָט מען געמוזט פאָרן מיט א טראמווײַ, ווײַט. אזא רײַזע האָט געדארפט קאָסטן עפּ־שער צוואנציק סענט, און קיין צוואנציק סענט פאר פארווײַלונג האָט איר פאמילע ניט געקאָנט אָפּשפּאָרן.

דער שטרײַק פון די שאכטיאָרן האָט זיך פארצויגן, ס'האָט אָנגעהויבן פעלן וואָס צו עסן. איבערן לאנד האָבן די ארבע־טער־אָרגאניזאציעס געזאמלט שפּײַז, די שטרײַקער האָבן באקו־מען צוגעשיקטע קאָנסערווירטע בעבלעך אין בלעכענע פּושקעס, די קינדער פון די שאכטיאָרן זײַנען אוועק ווײַט אין די וועל־דער קלײַבן יאגדעס, דערמיט האָט מען זיך געשפּײַזט.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער גאָלדענער הארבסט, די צײַט, וואָס ווערט אָנגערופן אין אמעריקע — „אינדיאַנער־זומער“, די באוואק־סענע בערג קריגן צענדליקער רייצנדיקע קאָלירן, די זון איז געשמאק, זי ברענט ניט צו שטארק, די לופט איז פריש, די קאָ־קורוזע אויסגעשטאנען, צענדליקער טויזנטער טוריסטן יאָגן זיך אין אווטאָמאָבילן איבער די גלאטע, אספאלטענע וועגן.

דעמלט האָבן די שאכטיאָרן אויסגעריכט איבערן לאַנד א קינדער־דעלעגאציע, קעדיי צו פארשטארקן די הילפס־קאמפאניע. שארלאָט מיט דעם יונגינקן שאכטיאָר זיינען געשיקט געוואָרן אפ מיזרעכ אינ דער ריכטונג צו ניו־יאָרק.

די קינדער האָבן גאָרניט ניט מיטגענומען אפן וועג, זיי האָבן גאָרניט געהאט וואָס מיטצונעמען. אינ די זעלבע קליידער, אינ וועלכע זיי פלעגן ארבעטן אינ די שאכטעס, זיינען זיי ארויסגעפאָרן, אפ די קעפ—די שאכטיאָרישע היטלען מיט לעמפעלעך בא די דאשיקעס, אונ אזוי זיינען זיי אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. בא דער פאנסלוואניער באנ־סטאנציע האָט מען זיי באגעגנט מיט א דעמאָנסטראציע. פונ וואגאָן האָט זיכ די ערשטע באוויזן שארלאָט, א דאַרע מיידל, אינ א שאכטיאָרישע בלוזע. זי איז אוועקגעבליבן שטיין אינ דער טיר פונ וואגאָן, באקוקט דעם עולעם, איר פּאָנעם האָט אויסגעזען מיד, סימאָנים פונ קוילן־שטויב ארום די אויגן. די פּיאָנערן האָבן זי אופגענומען מיט א הורא! שארלאָט האָט מיד א שמייכל געטאָן אונ איז אראָפּגעגאנגען פונ די וואגאָן־טרעפּלעך, דער קליינער שאכטיאָר נאָכ איר, נאָכ זיי זיינען ארויס פונ וואגאָן צוויי עלטערע כאווירים, וואָס האָבן באגלייט די קינדער פונ שטאָט צו שטאָט. איינער פונ זיי, מיט א קינאָ־אפּאראט. דער קינאָ־אָפּעראטאָר האָט פאָטאָגראפירט די באגעגעניש אפן וואָקזאל, די פילם־לענטע האָט זיכ געצויגן אזש פונ די קוילן־שאכטעס, דאָרט זיינען שוין געווען פאָטאָגראפירט אלע וויכטיקסטע מאָמענטן פונעם שטרייק. די לענטע האָט זיכ געדארפט פארענדיקן אינ ניו־יאָרק, דערנאָכ צעשיקט ווערן איבערן לאַנד. די איינקונפטן פונ דעם פילם זיינען באשטימט געווען צוהילף די שטרייקער.

די צוויי קינדער האָט מען אוועקגעפירט צו א כאווער, מען האָט זיי געגעבן אָפּעסן אונ זיי האָבן זיכ צוגעלייגט אָפּרוען.

דאָס אָנקומענ פונ די שאכטיאָרנ־קינדער האָט אופגערודערט ניו־יאָרק, אפנ גרויסנ סקווער האָבנ זיכ געזאמלט טויזנטער ארבעטער, דער פלאצ, מיט די הונדערטער פלאקאטנ, האָט זיכ באוועגט, ווי א וואלד אינ א ווינט, אונ צווישנ דעמ גרויסנ פארזאמלטנ אוילעמ, צווישנ די הויכע שטאָטישע מויערנ, איז אפ א טריבונע געשטאנענ שארלאָט, דאָס שאכטיאָרנ־לעמפל איבערנ שטערנ. זי האָט אופגעהויבנ א קליינע, קינדערשע האנט, ס׳איז געוואָרנ שטיל. שארלאָט האָט גענומענ דערציילנ מיט איר קינדערשנ קאָל וועגנ דעמ ביטערנ לעבנ פונ די שאכטיאָרנ, וועגנ דעמ שטרײַק. זי האָט דערציילט, אז קיינמאָל אינ איר לעבנ האָט זי נאָכ אפילע קיינ קינאָ ניט געזענ, ווײַל קיינמאָל איז ניט געווענ קיינ איבעריקע צוואנציק סענט פאר דעמ. — איכ האָב נאָכ צוויי ברידערלעכ קליינע געלאָזנ אינדערהיימ — האָט שארלאָט ווײַטער דערציילט — אונ ער האָט זי אָנגעוויזנ אפ איר כאווער — האָט אויכ געלאָזנ שוועסטערלעכ אונ ברידערלעכ, אונ נאָכ טויזנטער אנדערע קינדער זײַנענ דאָרטנ געבליבנ, אונ זיי אלע האָבנ ניט וואָס צו עסנ. — אזוי פראָסט האָט זי דאָס דערציילט, איר קעלכל האָט אָפּגעקלונגענ, האָט זיכ אָנגעשלאָגנ אָנ די הויכע מויערנ. פונ ווײַטנ האָט אָפּגעהילכט דער ר[illegible] פונ דער מוירעדיקער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק, אונ פונ סקווער האָט אָפּגעענטפערט אנ ארבעטער־געזאנג פונ סאָלידארישקײַט.

צוריק פונעמ סקווער זײַנענ שארלאָט מיט איר כאווער געגאנגענ פאָרויס מיט א קאָלאָנע פּיאָנערנ, אונ נאָכ זיי א גרויסער אוילעמ דערוואקסענע. ס׳איז שוינ געווענ נאָענט צו נאכט, די דעמאָנסטראציע האָט זיכ געצויגנ צומ ארבעטער־צענטער, דאָרט האָט באלד געדארפט צומ ערשטנ מאָל געוויזנ ווערנ דאָס קינאָ־בילד פונעמ שאכטיאָרנ־שטרײַק. די קינאָ־סטודיע האָט זיכ צוגעאײַלט, קעדיי די שאכטיאָרנ־קינדער אונ באזונדערס שארלאָט זאָל נאָכ האָבנ א מעגלעכקײַט צו זענ דאָס בילד, ווו זי אלײנ

נעמט אַן אָנטייל, דאָס האָט געזאָלט זײַן פאַר שאַרלאָט א סיורפּריז.

קיינער האָט שאַרלאָטן וועגן דעם גאָרנישט ניט געזאָגט, די פּיאָנערן זײַנען געווען מוירעדיק אומגעדולדיק, שטילערהייט האָט מען זיך געהאַלטן אין איין שושקען, זיי האָבן זיך שוין ניט געקאָנט דערוואַרטן אויפן אָנהויב, דער איקער האָט זיי געדרייט, וואָס פאַר אַן אײַנדרוק וועט דאָס בילד מאַכן אויף שאַרלאָט, זי האָט דאָך נאָך קיינמאָל אויף איר לעבן ניט געזען קיין קינאָ.

אין זאַל איז געוואָרן פינצטער, דער קינאָ־לײַוונט איז באַלויכטן געוואָרן; א קאַדר נאָך א קאַדר האָט זיך אויפן עקראַן געוויזן דאָס שאַכטיאָרן־שטעטל, די מענטשן, די קאַמף־סצענעס, די קינדער־דעלעגאַציע בײַסן אַרויספאָרן, דערנאָך די אַלטע שטעט, וווּ די קינדער זײַנען געווען, און גאָר צום סאָף שאַרלאָט, ווי זי שטייט אויפן טריבונע, איר ... נע קינדערשע האַנט איז אויפגעהויבן. שאַרלאָט האָט זיך דערקאָנט און פאַרוווּנדערט, זי האָט דערהערט איר אייגענעם קאָל, ווי זי זאָגט—„קיינמאָל אין מײַן לעבן בין איך נאָך אין קיין קינאָ ניט געווען“.

און דאָס איז עמעס געווען. דאָס ערשטע מאָל האָט איצט שאַרלאָט געזען קינאָ. דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן.

---

